בער האָראָוויץ

# ריח פון ערד



ווילנע—1930
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט

## I. מיר פרעמדע יידן



## II. עולם הזה

# III. Andante



# IV. מיין פיניעלע...



# V. פּאָעמען

זייט



## VI. ישו הנוצרי



## VII. קינסטלער



## VIII. באַקאָנטע

## בלאָנדע בלאָ־אויגיקע מיר

גייַנאַרטע פֿון האָריזאָנט
ווייטקייטן־גאַרער
ידידן־מיידער
פֿרעמדע יידן

אַרום אונז געשפּאַנט
וואונדערלעך לאַנד
איבער אונז מיליאַסן
קרישטאָלענע קופּאָלן
כיר שפּרייזן אין זון
וואָס באַשטראַלט אונז סימבאָלן.

אונז שפּילן די ספערן
מיר הערן בלומענגלאָקן
אומענדלעך טיפע
הויכן אַדאַדזשאָס
מיר שטויגען: בום
בום
מיר שטויגען: זומערפייגעלעך
זומערפייגעלעך
מיר פרייען זיך: שטורעם
מיר לאַכן אויף: דונער

וואַשן זיך די אויגן
מיט רעגן
קעמען זיך מיט ווינט
באָדן זיך אין קלאָרן בלוט
פון מאַמע ערד.

אויף אונזערע וועגן
קומט אונז אָפּט דער נביא
אליהו אַקעגן
מיר בענטשן זיך.

אויף אונזערע וועגן
קומען אונז אָפּט אַלטע
אורחים אַקעגן
מיר שענקען זיך איינאַנד
נדבות

בײ פּרשת דרכים
הופּט אונז אָפּט בײם נאָמען
כריכטם
מיר געבן זיך שלום
ווײנען זיך אויף די העלזער
זײנען זיך מוחל
טרייסטן זיך

באַגלייטן זיך
לאַנג

מיר שמייכלען אַזוי מילד
אַזוי מילד
ווען פאַרנאַכטן
איז פרידלעכן לאַנד
קלינגען די גלאָקן
צום אַנגעלוס
און מיט נאָנטע געפילן
גייען גויים אין קלויסטערס
יידן אין שולן

ווין, 1922.

# האָסט אַ פּעסטן פּונקט אין רוים

האָסט אַ פּעסטן פּונקט אין רוים
זאָג וואו וואָרצלסטו געזיכערט?
וואו איז דער אוראַלטער בוים
וואו דיין זיידע איז געזעסן?

וואו איז אונטער אים דאָס פּלעצל
וואו אַלס קינד האָט זיך דיין פאָטער
שפּילנדיק מיט הינטלעך, קעצלעך
אין די תמוזטעג געשאָטנט?

זאָג וואו איז די קליינע ריטשקע
וואו פלעגסט מיט באַטייגטער מולטער
נאַקעט כאַפּן דראָבנע פישעלעך
לכבוד שבת אַ פאַרגדולהטער?

וואו די ווייכע גרינע לאָנקע
וואו ביסט באָרוועס אומגעלאָפן
שקצים בולקעלעך געשאָנקען —
וועלדל, וואו האָסט סכך געבראָכן?

וואו די רייכע בונע בייטן
וואָס צו פאָלן פלעגט דיי מאַמע —
אויגנפרייד וואו בשמים־בייטן,
וואָס איר האָט געזייט צוזאַמען?

גיין פאַמעלעך דיינען קיען
זאַט באַבייַכטע פון דער פּאַשע ?
קלינגען פריילעך קליינע גלעקלעך
אויבן האַלדז פון קראַסיען, לאַסיען ?

הגא קלינגען קלויסטער־גלאָקן
אין דער וואָכן צון אַ פגר
קיינמאָל וועט נישט בלייבן שטאָקן
אָבּ דער אייביק שטאָלצער זייגער...

דיינע שפּיל־חברים האָבן
כאַטעס פול מיט בלאָנדע קינדער
פּיפקען זונטאָג אויף די פּריזבעס
ליולקעס — שטוינען אויף גאָטס וואונדער..

נעבען פּלוצים האַווקען הינט.
און די קינדער לויפן קוקן.
ס'גייט אַ שוואַרצער, פרעמדער ייד,
קוואַר, באַזאַקט דער קרומער רוקן.

גייט געטראָגן, ווי שטרוי, ווי פּלעווע.
ווי דער רויך פון ליולקעס זייערע —
מעגן ווילדע שטורעמס רעווען.
כאַטע ציטערט נישט פאַר גזרות...

4. III. 1927
קראָקע (פריימאַן).

## בעל־שם־טוב אין די בערג

און איך מיין חנהלע זאָג דיר:
די כאַטע איז מיין שענסטע היים —
גינגאָלד פירסטו קיין קוטעוו,
נישט אַ וועגעלע מיט פשוטן ליים...

און איך מיין חנהלע זאָג דיר:
דאָס געלע קוקורוזע־מעל
איז טייערסטער מן פון הימל,
נישטאָ אין אים קיין פעל...

און איך מיין חנהלע זאָג דיר:
נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט
אַזאַן עושר וואָס זאָל זיך קויפן
אַ טייל פון מיין נחת פאַר געלט...

נישט פלאָגן זיך בין איך געקומען,
נישט פאַסטן פון וואָך צו וואָך —
איך בין אין גאָטס פראַכט אַנטלאָפן
פון טעמפּן, טאָגטעגלעכן יאָך

איך מוז זיך דאָ צייטיק ווייבּ מיינס
גרונטפעסטיקן מיין פרייד,
כּדי זי צו קענען טראָגן
די ברידער ווייט און ברייט...

העי! שמעטערן וועט מיין בשורה!
כ'וועל פרעסן אין הערצער און הענט
דאָס גרויסע, דאָס גליקלעכע פייער,
וואָס אין מיין בוזעם ברענט...

די צייט איז נישט ווייט אָ ווייב מיינס!
דו וועסט מיך באַגלייטן אין טאָל —
דעם אַרענדאַר, דעם בעלפער, דעם קאָניאַר
פונעם פאָלק ישראל!...

## לייגט אַרויף, ברידער, אייערע לאַסטן...

ברידער,
לייגט אַרויף אייערע לאַסטן.
מיינערט —
מיינע פּלייצעס זיינען ברייט און שטאַרק.

. . . . . . . . . . . . .

איך בין נאָך אַזוי יונג (און נייגעריק) און פריילעך —
און טאָגטעגלעך אַנטפּלעקט זיך מיר גאָט
גריילעך — אין פלאַמענדיקן דאָרן,
אָדער ער רוישט צו מיר ליבלעך
מיט דריבנע בלעטעלעך אין ווינט,
אָדער ער שמייכלט צו מיר אַרויס
איס אַן אויג,
אַ בלום,
אַ ליד...
און איך טראָג אין מיר אַזאַ גרויסן סוד:
אַזאַ גרויסן סוד...
צו וואָס בריליאַנטן און פּערל און מאַכט,
צו וואָס מילי מיליאָסן געפּאַנצערטע
און איך אויף אַ פערד פאָרויס
(און טויזנט פאַרליבטע מיידלשע אויגן
און טויזנט קרענץ פאַרן העלד...)

ניִשט בעסער צו זיין דער פּשוטער זעלנער
דער פאַרליבטער אין מלך —

און הייצן מעסיק און טריי זיין הרובע?...
דער העלד וואָס וואַשט
די בלוטיקע פוס פון נביא?
דער שליח,
וואָס איז מבשר אין איין וואָרט
נ צ ח ו ן!
און פאַלט אויפן אָרט אַ טויטער?

נישט בעסער דערלאַנגען משיחן
דערקוויקנדיקן טראַנק ביים טויער?

נישט זיסער צו זינקען ווי ווינקלדיר
מיט טויזנטער שפּיזן אין ברוסט
און מיט אַ ליד?...

# ג אָ ט, ו ו ע ל ט...

גאָט
וועלט
אימענדלעכע רייכע שענסטע!
אָ אָרעמינקע בידנע ווערטער —
ווי זיך זאַמלען
וואָס זאָגן
חי לויבן?!
איז ניט געוואַלטיקסטע תהילה —
לעכערלעך שטאַמלען?!
אָ
(ברוסט באַפּריי זיך)
אַריינלייגן דעם גראָבן פינגער אין מויל
פ יי פ ן!!!!
(ווי אין דער מעשה דער עם־האָרץ יום־כּיפּור אין שול),
אָדער ווי דער פּשוטער פּאַסטעך,
וואָס האָט מציל געווען
פון אַ גזרה אַ שטאָט —
לאָמיך שרייען
התפּעלותדיק:
א ל ף!
ב י ת!
ג י מ ל
ד!!!

# ב ט ח ו ן

אַנידערגעשטעלט
אינמיטן פון דער וועלט
וואַנדער איך דורך אָאַזן —

און ווען איך ווערן מיד פון וועג
בײַ איך, מיר צוגעצעלט
אויף אַ הייליקן ווינקל וועלט,
וואו ס׳וועט די זון מיר ווייזן...

און וואו ס׳זאָל די זון נישט ווייזן
איז ניט אומעטום
די מיט פון דער וועלט?!

איך שטעך מיר אויס אַ פעלד,
איך גראָב מיר אויס אַ ברונען —
און דיך, געבענטשטע חברטע,
האָב איך אויך געפונען.

# מיט דער מאָרגנראָסע

מיט דער מאָרגנראָסע
גיי איך מיר אַרויס
דאָס ערשטע גרינע גראָז
איף מיין פעלד צו קאָסן...

אַך ווי הערלעך פיעשטשעט
באָרוועסערהייט צו דראַלן
איבער דער פייכטער, גרינער ברוסט
פון דער ערד דער מאַמען...

די זון האָט זיך צעגאָסן
די וועלט און מיין האַרץ פאַרגאָסן
מיט שטראַלן, מיט פרייד און מיט ליכט
האָט זיך די זון צעגאָסן...

איך האָב זיך הויך און כאָר
חגאדיק צעמזמורט
מיט די ברידער זשאַוואָראָנקעס
און דער חברה קאָסן...

# ד אָ ק ט ע ר ן

הײנט גאַנץ פֿרי האָב איך פֿאַרבונען
דעם ייִנגערן בעזבוים בײַ מײַן הײם —
די דאַרע צװײַגן אָפּגעבראָכן
יעדע װאונד באַקלעפּט מיט לײם.

בײַם אָפֿענעם פֿענסטער האָט באַנאָסן
מײַן מאַמע אירע בלומענטעפּ —
די מאַרגנזון האָט מוטערלעך
געקושט אונז בײדע אויף די קעפּ...

„כאַראַ גליק מײַן קינד צו הײלן!
שױן אָפּגעדאָקטערט? קום אַרײַן!
די אײער זײַנען לאַנג שױן פֿאַרטיק
באַלד זידט די מילעך אין דער רײַן"...

# אַ גדולה

אַ גדולה, אַ גהלה
ס'האָט זיך מענדיקן צוביצקעט
די געפייגערטע קאָבילע!

אַ טעאַטער צו קוקן
ווי זי לויפט און דריגעט
און פייערט מיט די פיס!
ס'האָבן זיך אוודאי צעקאָכט אין איר
אַ פּאָר טראָפּן בלוט
פון אַן עלטער-עלטערבאָבע
אַ שלאַכטשטשה
ביי אַ ווילדן טאַטער...

און ער לויפט איר נאָך דער יונגאַטש
איבער דער גאַנצער לאָנקע
מיט קללות און יללות
און מיט דער לאַנגער בייטש.

איף דער שטראָז בלייבן שטיין די ערלים
קוקן זיך צו —
און קאַטשן זיך פאַר לאַכן.
זיי שרייען, פייפן, פישטשן

און גיבן צו קוראַזש
דער נבלה נעבעך,
וואָס פּיפּט אָן אַזאַ יונגאַטש —
אַזאַ לאַנגן לעבעך!

## איוואַנע, סידלאַטי

איוואַנע
סידלאַטי !
אין דער בלויער נאַכט אַריין
לאָמיך רייטן !

רייטן פּאַמעלעך,
רייטן גאַלאָפּ !
זאָלן זיך אָסיענווינטן
שפּילן מיט מיין קאָפּ...

זאָלן זיי די האָר מיר שויבערן
טולען זיך צו מיין ברוסט —
און די סאָוועס מעגן יאָמערן
וויפל זיי זיך גלוסט !...

## זאָל איך מיך לענגער באָרן

זאָל איך מיך לענגער באָרן
מיטן יצר־הרע — ניין!
צו רויט זענען דיינע ליפּן
צו ווייס זענען דיינע ציין.

צו הויך איז דיין בוזעם
דיין בעקן איז צו ברייט
און דיינע אויגן גלאַנצן
אַז כ׳ציטער אַזש פאַר פרייד!

וואָס זאָלן מיינע זאַפטן זידן
מויזנט סמבטיונס אָן רו,
דער שבת מיינער, מיין פרידן
קאָנסט דאָך ווערן דו!

מאַך נאָר צו די אויגן
תאווה, וויל זיין בלינד —
דער שר פון ליבע שוועסטער
ווייסט נישט פון קיין זינד...

# וואָס אַ מויד טויג

וואָס אַ מויד טויג!
אַ קייל שניי גלייך אין אויג —
און אַליין פאַרקראָכן זיך
הינטערן אָברויג!

פּסיאַקרעוו!
וואַרט!
דעם פּליוט אַריבער
אַ מינוט
זי ליגט געשמידט...

נקמה זיך
פאַר ביידע צרדים!
איך רייב איר אָן די באַקן
מיט פראָסטיקן שניי —
זי רויט, ווי פריש — —
ועסט נאָך וואַרפן?
— יאָ!
— יאָ?

נ...נ...נ...ניין
. . . . . . . . . .
ניין!!

# ליבע־ליד

היינט אָוונט אויף דעם וועג צו דיר
האָב איך אַן אָרעמער צייטונגספּרוי
באַצאָלט די לעצטע עקזעמפּלאַרן
און זי האָט אָפּגעשיקט די קינדערלעך אַהיים...

דעם צענפֿאַכן פּרייז האָב איך געגעבן
אַן עלנטן אינוואַליד, וואָס איז געשטאַנען
אָנגעלענט אָן אַ קאַלטער מויער
פֿאַר אַ פּעקל שוועבעלעך...

ביי אַ דערשראָקענעם ייד, אַ הויזירער
אויסטערליש פֿרעמד און פֿאַרשעמט
אין דער הילכיקער גרויסשטאָט־גאַס
האָב איך געקויפט צוויי פּאָר שיכבענדלעך...

אַ זונה האָט מיך אויפֿגעהאַלטן:
„בובי, שענק מיר אַ פּאַפּיראָס"...
לאַכנדיק האָב איך מוסיף געווען פֿייער...
און פֿריילעך און לייכט בין איך געגאַנגען
מיין וועג צו דיר...

## ס'איז שווער צו טראָגן

ס'איז שווער צו טראָגן
אַז מען קען נישט קלאָגן
אַ האַרץ אַ נאָלטן
ווידוי זאָגן...

הונגער איך,
נאָך דיין טרייער צורה,
נאָך אַ באַגעגעניש,
אַ בשורה...

זיינען אָבער דיינע אויגן צו בלאָ,
צו קלאָר און צו ריין —
איך זאָל טאָרן אַקעגן זיי
אויפגעריכט שטיין...

## איז שענערעס פאַראַן

איז שענערעס פאַראַן
ווי גומע בשורות אָנזאָגן —
איז נישט דער הייליקסטער לזין
אַ פריילעך איינגפאָר ?

מאַנכמאָל קוקן מיר אָן איינן
אַזוי פאַרליבט, אַזוי נאָנט —
אַז ס'איז מיר אַ רעטזל
וואָס האָט אונז פאַרקניפּט ?

זיינען זיך אונזערע אבות
געוועזן טרייסטע פריינד
געפאַלן אפשר איינינעם
נישט פאַרצווייפלענדיק אָן משיחן
ביי די וואַלן פון ביתר ?

האָבן זיך אַמאָל געמישט
די אורקוואַלן פון אונזער בלוט
ביי אַ שחיטה אין מאָגונץ ?
פאַרשמאָלצן אונזערע נשמות
אין פלאַמען צו קדוש־השם
אויף די אויטאָדאַפעען פון מאַדריד ?

## פֿאַר מײַן מוטער און פֿאַר דיר

פֿאַר מײַן מוטער און פֿאַר דיר בין איך ווייך
ווי אַ שעפּעלע אַ ווײַס.
און ווען איך שטרויכל זאָגסטו:
— קינד דו ביסט בלינד...
און אַז איך שריי: כ׳בין קרעציק! —
קושטו מיך אויף מײַן גרינד...

און תּמיד בלאָ זען דײַנע אויגן
תּמיד בלאָ —
ווי דער הימל בלאָ
איבער מײַנע קינדעריאָרן
ווי יום־כּיפּור־מולד־נאַכטן בלאָ
ווען איך בין אַ קינד
אויף מײַן פּאָטערס שויס
מיט אַ הערצעלע אַ לײַכטן
און אויסגעבעטענעם גוט־יאָר —
פֿון ראָסולנע קיין מאַידאַן צוריקגעפֿאָרן
דורך דעם טונקעלן רוישנדיקן טענענביימער־וואַלד
אַקעגן דער לבֿנה
סודותפֿול און גרויס...

און תּמיד הויך און שטאָלץ זײַנען דײַנע ברעמענבויגן
און תּמיד איז אַ שמייכל היימיש אויף דײַנע ליפּצן
ווי דער זילבערגלאַנץ אויף דעם טײַך בײַ מײַן פֿעלד...

און דיינע הענט מיין שוועסטער
און דיינע הענט
עפענען זיך צו העלפן גרייט
מיט אַזאַ פרייד
ווי ליליענקנאָספּן צו דער מאָרגנזון
אַזוי עפענען זיי זיך ברייט...

און אַז איך רוף דיך, שוועסטער
און אַז איך רוף דיך
ענטפערט אָפּ דיין האַרץ מיר זיבנמאָליק
זיבנמאָליק אַזוי פריילעך און טרויעריק צוגלייך
ווי דאָס וואַלד־עכאָ מיין מאַמעס תשובה
ווען כ׳האָב מיך אַ ייִנגעלע
צו מאַלינעס־קלייבן
צו ווייט פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד...

# כ׳האָב נאָך אין די נאָזלעכער

כ׳האָב נאָך אין די נאָזלעכער דעם ריח פון דיין שויס
נאָך וואַרעמט מיך דיין האַלדז. די בלוטיקע רויז
פון דיינע ליפּצן מאַכט מיך אָן אויפהערן לעכצן...

כ׳מוז דיך גדענקען... וואוהין כ׳זאָל זיך נישט ווענדן —
אומעטום וועלבן זיך פאַר מיר אין דער זון
דיינע גליענדיקע זילבערנע לענדן.

ווי אַ יונגער לייב צום ערשטן מאָל אויף געיעג
וואָס האָט פאַרצוקט אַ יונגע אינד ביים קילן ברעג
און לעקט איר בלוט און ברילט — שיכור, תאווהדיק
און ווילד:
אַזוי גיי איך אַרום מיינע נעכט — נאָר שטיל און
אומגעשטילט...

6. VI. 1927

## כ'האָב זיך אָנגעטאָן די זון—מיין קאַפּעלוש

כ'האָב זיך אָנגעטאָן די זון — מיין קאַפּעלוש,
זשאָנגלירט מיט איר — אַ קאָסמישע, פּאַקיר,
און כאָטש פאַרשיכּורט — בין איך גלייכגעוויכטיק,
דער מאַסנפּונקט פון וועלטן איז דאָך פּאָרט אין מיר.

גיי איך מיר טעלענדעריק איבער וועלטנוועגן,
נמרוד, פּאַרסיוואַל, איש תּמים — אַ געבענטשטער תּם...
ביינאַכט בין איך אַלאַדין — מיין קאַנעץ די לבנה:
כ'גיי זוכן סעזאַמען און גראַמען צום גראַם...

דער גלאָבוס איז צו ווינציק פאַר מיין שטח־הונגער,
גישטיק אַלע זמנים פאַרן איצט!
פריי איך מיך און זינג מיר (סע רעוועט אַ דונער)
ביי איך מיך און לאַך (אַ בליץ האָט געבליצט!)

מיידעלעך פילפאַרביקע קומט צו מיר אין שאַרן:
אַנאַדיאָמענע, לעדאַ, עווראָפּע, העלענע,
פּרינע, אסתּר, דבורה, מאַגדאַלענע,
קומט אַריין!
כ'בין אַלץ, נאָך וואָס איר טוט אייך גאַרן:
אַ גאָט און אַ פּאַסטעך, אַ פילאָסאָף און אַ קיניג,
אַ נביא, אַ בודהי און אַ שוואַן...

קומט, ווייבער פולסירנדיקע, וואַרעמע, ווירעס וויטאַליעס,
מכשפות, סאַמאַריטאַנקעס, דעמאָנען, מאַדאָנעס, —
קומט מיט דאָרשטיקע שויסן, מיט פרומע תחינות
מיט באַרעמהאַרציקייט — ברייזנדיקע — קומט ציכטיקע
נאָנעס!

און איר ברידער — קומט בלומען באַקראַנצטע, קראַפּט-
געגורטע חבריא,
קומט פריינד, חסידים — דיכטער; גאָטזוכער און
ספּאָרטמענעס,
לאָמיר הייבן כוסות, זינגען לידער, לאָמיר זיך פרייען:
לחיים, אַלע ספירות, לחיים אין סוף,
גאָט לחיים!

## הייסע נעכט

הייסע נעכט
האָבּן אויס־געטרונקען
אונזער שטאַמלען.
מיר האָבּן זיך נאַקעט
געוואַלגערט אויף רויזן.
מיליאַסן לידער
זיינען דעמאָלט געשטאָרבּן.

היינט אָטעמען רויק
אונזערע בּוזעמס
גלייך צייטיקע לאַנגעס
אין צעפירווינטן...

ווי מיידלשע בּריסטן
שוואַנגערן מיט מילעך:
אַזוי וועקט זיך
אין די פינגער אונז
מעכטיק אַ גלוסטן
צו גלעטן
גילדענע פּרות
פון בּלאָנדע קינדערקעפּעלעך.

25. V. 25.

## כ׳דערמאַן מיר וואַסערן

כ׳דערמאַן זיך: וואַסערן —
און מיינע אָרעמס חלומען: שווימען!
נאַזנדיק —
צו די שטערן געפּנימט —
ווי אַ לאָטאָס...

אָ, איך גאַר נישט שפּרינגען
פון שרעקלעך הויכע בריקן,
נישט וואַגן,
נישט גרונטעווען...

מיר גלוסט זיך נאָר
שטרעקן זיך
אין הייסן זאַמד
און אַלע מאָל
צום טייך זיך לויפן שווענקען.

ווי אַ דרימלענדיקער לעמפּערט
וואָס לויערט איבערן וואַסערן
(וואו אינדן קומען טרינקען)
וויל איך האַלטן צוגעמאַכט די אויגן
און —
בענקען.

25. V. 25.
קראָקע.

# איך וואָלט שוין היינט געווען אַ טאַטע

איך וואָלט שוין היינט געווען אַ טאַטע,
אַ קינד געהוידעט אויף מיין שטאַרקן שויס
מיין נאָז געגנודעט אין זיין פוכקע גופל
ווי אין אַ פולער, שמעקנדיקער רויז...

מיין ווייב וואָלט אויף מיין ברוסט דעם קאָפּ געהאַלטן
פול זיסער זיכערקייט ווי אַ שיף ביים פּאָרט —
און צאַרט אַזוי וואָלט איך איר קאָפּ געצערטלט
און שווייגנדיק, נישט ריידנדיק קיין וואָרט...

ביים אויוון שטיל געזעסן וואָלט מיין מוטער —
ביים צירעווען אַ זאָק פאַרציילט זיך בײַ אַן אויג
און ביי די ברילן עפּעס זיך געפּאָרעט
און נאָכן וואָלקנויל זיך געטאָן אַ בויג...

מיר וואָלט זיך עפּעס פרעמד פאַרקלעמט ביים האַרצן:
— אָ מאַמעניו וואָס איז דיר? קום אַהער
און זעץ דיך דאָ, אָטאָדאָ אַ נידער...
און אָפּגעקושט וואָלט איך פון איר באַק די טרער,

וואָס עס האָט מיין פאָטער נישט דערלעבט דאָס מער...

כ'וואַרף אַוועק מיין צווייפל
מיין שטאַרן שטאָל'ץ און מיין שכל
און קום צו דיר ווידער אַ פֿראָסטינקער
מיט אַ האַרציק פֿאַרשעמטן שמייכל...

איך קום צו דיין טרויעריקער טיר
אין אַ טונקל'ער נאַכט מיט אַ לאַמטערן
און קלאַפּ הכנעהדיק אָן —
די עפֿנסט דערשראָקן... איך בויג מיין שטערן.

אוי אונזערע שולדיקע הענט געפֿינען זיך,
אונזערע לעפֿצן ציטערן...
איי, שוועסטער, שוועסטער — מיר האָבן זיך צו לאַנג
געטאָן דאָס לעבן פֿאַרביטערן, שוועסטער.

און איך מאַך אַ ברכה איבערן ברויט
און איבער דער זיסער מילעך —
און אונזערע הערצער שלאָגן
אַ שטילע, אַ פֿרידלעכע תּפֿילה...

## כ׳האָב געמיינט כ׳וועל זינגען

כ׳האָב געמיינט כ׳וועל זינגען
אַזאַ הערלעך, הויכע פרייד
וואָס וועט זיין שענער, טיפער
פונעם טיפסטן לייד...

האָט זיך אָבער שוואַרצקייט
פאַר מיר אַקעגנגעשטעלט
מיט די קאַלטע פאָלעס
פאַרשטעלט זי מיר די וועלט...

זי פאַרשטעלט מיר די זון
און איז כראָפּאַווע מלשין:
— דיינע חלומות זיינען נאַריש
דיינע פריינד זיינען פאַלשע...

— ס׳איז נישטאָ קיין טרייקייט
ס׳איז נישטאָ קיין טרייסט —
די שוואַכקייט דאַרף דיין קראַפט
די שווערקייט דאַרף דיין גייסט —

— זיי טרינקען דיך, ווי אַ ברונעם
און שפייען אין דיר אַריין,
האָסט זיי געקוויקט מיט קוואַלוואַסער-
שעלטן זיי וואָס ביסט ניט קיין וויין.

— אומזיסט דיין יאָגן=פּלאָגן
וועסט גאָרנישט זיך דערוואַרטן
חוץ חושכדיקע נעכט
און טעג פאַרשאָלטענע, האַרטע...

אַזוי האַווקעט זי אָן אויפהערן
אין נוסח פון איוב, קהלת —
(ווי זאָל זיך מיין האַרץ נישט קאָרטשען
ווי נישט טרויערן זעליש?...)

פון מיינע יונגע כוחות
איז שטאַרקער די צרה די בייזע —
אָ, כיבע גאָט אַליין
וועט פּלוצים מיך דערלייזן

. . . . . . . . . . . . .

און וועט ער נישט דערלייזן
זאָל איך אים ריידן אַקעגן?
צייט איז אַ היילער וועט העלפן
איך וועל שוין געפינען וועגן...

איך כאָטש איך וועל נישט זינגען
פון דער טיפסטער פרייד

(שענער פיל און טיפער
פונעם טיפסטן לייד) —

וועל איך שווייגן... קיינמאָל נישט
די זין די מאַמע שעלטן!
תמיד וועט מיר פאַרבלייבן
די וועלט — אַלס די שענסטע פון וועלטן...

# איך האָב מיך איבער מיינע טעג פאַרטראַכט

איך האָב מיך איבער מיינע טעג פאַרטראַכט
אַזוי צער־פול און טרויעררייך —
ווי די טעמנע אָלכעם טיף ביינאַכט
איבערן גייענדיקן שטילן טייך.

איך האָב פאַרטראַכט מיך איבער מיינע טעג,
וואָס גייען פאָריבער אַזוי וויסט און פוסט —
כע טרעפט מיין מזל נישט צו מיר דעם וועג.
וואו קען עס זיין? אָ וואָלט איך דאָס געוואוסט!

ווי קיינמאָל, האָט דאָס שלעכטע גורל אָנגעשיקט
צרות אויף מיר. מיין מאַמע איז קראַנק:
ווייל נישט אויף היים־ערד האָבן מיינע טריט
געטרעטן, ווייל זעמיר אָפגעשיידט געווען לאַנג.

ווי איינזאַם, טרויריק איז אַצינד מיין היים,
סע פעלן פענסטער, ס'פוילט דער דאַך,
דער קאַלעך אָפגעפאַלן, געל זעט זיך ליים.
און רעגנט — איז אין שטוב כמעט אַ טייך.

די שטאַלן צעפאַלן — טרויריק און לער,
כע פאַסעט אויפן גאָרטן נישט קיין קו,
די פלויטן אַפילו האָט צעגנבעט ווער
(אַז ס'פעלט דאָס אויג, וואָס קוקט זיך צו.)

די לאַנגע בייטן נישט געאַקערט שטיין,
אין מאַנכער בוים אין סאָד איז אײַנגעדאַרט —
ביים הויז, וואו פריער בלומען זיינען געווען —
וואַקסט קראָפּעווע און שטעכוואַרג שטאַרט.

איין בעז-בוים איז געבליבן נאָך —
(די איבעריקע האָט צעהאַקט אַ בייזע פויסט)
ער מוז די קנאָספּן עפּענען די וואָך:
אַ מילדע טרייסט, שמעקן וועט ביים הויז.

און קומט די זון — איך שטעל אַרויס
די ליגבאַנק (לעת-עתּה גיסט און גיסט)
און בעט דער קראַנקער מאַמען אויפן בענקל אויס
און זעץ מיך דאַן אַנידער צו אירע פיס.

אַ גאָט מיין מאַמעס — גיב איר דאָס געזונט צוריק
און וואַרף נאָך אויף איר עלטער אַ מילדן זונענשיין
און איך — איך קען נאָך קעמפן פאַר מיין אייגן גליק —
ס'וועט בעסער זיין, עס מוז נאָך בעסער זיין!

# כ׳בין אויף מיר איצט נישט קיין מבין

כ׳בין אויף מיר איצט נישט קיין מבין
כ׳קען נישט זאָגן אויסדריקלעך
צי איך בין ווייער טרויריק
צי גאָר להיפּוך גליקלעך...

דען שיינען שיינט מיר אין פּנים זון —
און ס׳זינגען מיר אַקעגן פייגל
און מאַנכמאָל נעמען אַרום מיך
גליענדיק־גלוסטיק מיידלשע אויגן...

ס׳רוישן אַקעגן מיר וואַסערן
כ׳אָטעמען האַרצענע וועלדער
און ס׳ברייטערן זיך הערלעך געטעפּעכטע
בשמימדיקע פעלדער.

כ׳שטעל אָפּ זיך אין שטילע שטיבער
עס מיט אַ הילצערנעם לעפל
פון טונקלע, ערדענע טעפּלעך —
און וואַסער טרינק איך פון שעפל...

און דריקן דריק איך פאַרהאָרעוועטע
הענט ווי האָרנפּים האַרט פון בהמות
און קוק אין אויגן צעפּליקטע
טריי־טרויריק און היימלעך ווי שמות

און וואַנדלען וואַנדל איך מיט ווינטן
ווי איינס פון אַנטוואָרצלטע ביימעלעך
ווי וואָגל־אַנטוואָרצלטע גראָזן
אַזוי ווי סע וואַנדלען — טרוימער...

13. V. 27
Майдан.

# אויב איבער מיר זיך כמאַרעם הימלען

אויב איבער מיר זיך כמאַרעם הימלען
בלייבט דאָך קרוק אַ שמאַטקע תכלת
וואָס זופּט דורך סנאָפּעס זונען
ס'זאָל מיר ווערן אַ ניעפּ פריילעך...

אוודאי איז מיר איצטערט וואוילער
איבער היימערד ברייט צו שפּאַנען
רייע פרילינגווינטן שנאַפּן,
טומלען זיך אַ פיש אין ימען.

צייט איז ווידער ביי מיר וואָלוול
איר געלייף קען מיך נישט ווירן —
ווי מען פירט אַ קו צום בוהיי —
אַזוי שטריק טו איך זי פירן.

*

און איך קוק ווי גראָזן וואַקסן
הער בלערליי פייגל זינגען
חידוש זיך — אַזוי פרי באָנקעס
קאַלט און פלאַטערלעך פלאַטערן אין
פלאַמענדיקע רינגען...

ווי איך גיי אַזוי בּמנוחה,
אָפּט הער איך: פֿייפֿן פֿאַלקן איבּן —
בּיידע קרייזן מיר איין גורל
איך מיט גאָטלויב; זיי מיט רויבּן...

12. IV. 1927
Majdan.

## דער הימל גראָ

דער הימל גראָ
בלייען, שווער —
נאָך אַ פּאָר אויגן טריי און בלאָ
ווי בענק איך, מיך, זער...

די פייגל אַנטפליען
ווייט־ווייט איבער ימען —
מאָרגן שלעפּ איך מיך אויכעט
אַוועק פון דאַנען.

אומעטיקע אָסיענטעג
רעגנס, רעגנס —
ווי צו די פייגל
אונטערוועגנס...

זאַקאָפּאַנע
1919

# דער מידער אָסיען גייט

דער מידער אָסיען גייט, מיין טרייע שוועסטער,
אין קילן ווינט און זינגענדיק אַנדאַנטע
ניגונים גראָע, אַלטע און באַקאַנטע
אויף בערג און טאָלן ווייטע וועגן מעסט ער.

מיין גאָרטנס געלע, אָפּגעבלייכטע לינדן
אַ שוואַלבן־זאַמלפּונקט אַצינד געוואָרן.
אַ גאַנצן טאָג געצוויטשער — באַלד ווי פאַריאָרן...
ביים ערשטן קאַלטן רעגן וועלן זיי פאַרשווינדן...

אַך איפּוואַכן אין פּוסטן טויטן שווייגן
אַ מאָרגן־טרויריק־טריבן און קאַלטן,
ווען שוואַלבן זיינען ווייט, אָן גאָלד צו צווייגן...
אָ וואַנדער־פייגל טיף אין ברוסט באַהאַלטן

פאַריתומטער, וואָס הערט די לעצטע שרייען
פון קאַראַוואַנען ווילדע גענז, וואָס זינקען
אין האָריזאָנטן־תהום מיט שנעלן, פלינקן
פלוג, וואַרט — באַלד וועט עס ווייס און רו:ק שנייען...

1919.

# לאָמיר גיין דעם שיינעם מאָרגן

לאָמיר גיין דעם שיינעם מאָרגן
וואַנדערן מיטן ווילדן ווינט
דעם צעיאָגער פון די פעדעם
וואָס די באָבע זומער שפינט.
(באָבע זומער שפינט און שפינט)

וואָס חלומות, וואָס געדאַנקען!?
כ׳פּלאָנטע זיי מיט זילבערפעדעם
וואָס די באָבע זומער שפינט —
און איך גיב זיי מיט דעם ווינט...
(באָבע זומער שפינט און שפינט)

אַך, לאָמיר פריילעך זיין אין זון
ווידער זאָרגלאָז און אַ קינד!
(באָבע זומער שפינט און שפינט
באָבע זומער שפינט).

# פאַרשלאָסן, פאַרחתמעט

פאַרשלאָסן, פאַרחתמעט.
פאַרלאָזט דאָס וואַרעמנעסט.
אויף שוואַכע מידע פליגל
אַוועקגעוואָגלט אויפן ים —
הוליע קאַלטער שטורעם,
זון— פלאַם!

אָ מיר קלינגען נישט קיין לידער, — — — —
אַ קוואַלעכל פון גליק און טרייסט
קוויקט נישט מער קינדערש געפּלאַפּל...
ווער בענקט נאָך אַ ווייכן בעט
נאָך צערטלעכקייט, אַ גלעט?

מעג זיין אַ פעלז אַ שטאַפּל —
אַ ווילדער פוסטער ברעג!

און וועט דיך קוועלן דורשט —
מעג זיין אַ ווילדער קוואַל.
וועט ווי טאָן פלייש און ביין
דיין קושן זאָל זיין אַ שטיין —
נשמה,
כּי דו זאָלסט בלייבן ריין!

6. VI. 1926
Kraków.

## מידע מיר פון שטראָזן, וועגן

מידע מיר פון שטראָזן, וועגן!
ס׳דושעט אונז דער שטויב פון ליים
און די בלאָנדיקע ווינטן,
נאַסע, שמייסנדיקע רעגנס
הייסן אויסגיין נאָך אַ היים...

וואו־זשע זונט זיך אונזער דאַך
וואו איז אונזער הויז צו וואוינען
ווען ציטערט היימלעך ס׳האַרץ
ביי אַ רויטן שיין פון פענסטער
ביי אַ בלויען רויך פון קוימען?

ווען וואַרטן וואַרעמנעסטן,
ווייבער, פריינד און קעסט געקאָכטע?

. . . . . . . . . . . . . .

איבער אונז דאָס גורל האָגלט
טונק׳לע טרויערפלגיל פאָכן
אויפן נע־ונדן וואָגל...

קראָקע, 3 מערץ 1927.

# קום אַהער פידלער

קום אַהער פידלער
שפּיל מיר אין אויער
אפשר פאַרוויגסטו
אַביסל מיין טרויער...

כ'האָב נישט ברודערציו
גאָרנישט מיין אייגנס —
נישטאָ ברודערציו
מ'קאָפּ וואו צו לייגן...

נישטאָ קיין טישן
נישטאָ קיין בעטן —
נישטאָ קיין גינגאָלד
קעפּעלע צו גלעטן...

לחיים קלעזמערציו
שטוים אָן — געטרונקען!
איפן דנאָ פון בעכער
זאָל דער צער זינקען...

## אַז דאָס האַרץ ווערט פוסט

אַז דאָס האַרץ ווערט פוסט
דערשראָקן בלאַסט די זון
ווי טויטנליכטער טאַנצן
די שטערן אַרום...
די אָסיענביימער ברעכן
אַנטבלעטערטע הענט
סע זיפצן שווער די ווינטן
הימל ווײנט אָן ענד
אַז דאָס האַרץ ווערט פוסט...

אַז דאָס האַרץ ווערט פוסט
מעסטו נישט קיין וועגן
צו די וואַסערן ציט דיך
נאָענט, צו נאָענט די ברעגן —
דאָרטן וואַרפסטו תשליך
ס'האַרץ וואָס שטייט אין פלאַמען —
זאָל עס זיך דערקילן
אין די גרויסע ימען — —

אַז דאָס האַרץ ווערט פוסט
ביסטו גאָט-פאַרלאָזט,
עלנט און אַליין
ווי אין וועג אַ שטיין

אין אַ פרעמדער צייט
אין אַ פרעמדער וועלט!

אָ, ביז עס האָט דיין קלאָג,
די האַרבע ערד דערהערט!
אָ, ביז עס ווערט דער נס,
דער גרויסער דיר באַשערט!
אָ, ביז עס קומט דער חלום!
אָ געבענטשטע נאַכט!
דערמאָנונג!...
דיין מאַמע...
קינדהייט פרי...

און ס'טרייסט אַ גרויסע טרייסט דיך
אין דעם טיפסטן טרוים
פון דיין שווערן שלאָף —
דו גיסט אַ טייך מיט טרערן
אין גוטן, זיסן תהום
פון דיין מוטערס שויס...

. . . . . . . . . . . . . .

דער מאָרגנשטערן קושט דיך
אין פערל־טוי — אַ רויז...

26. XII. 1919

## היינט ביינאַכט אין חלום

היינט ביינאַכט אין חלום
איז צו מיר געקומען
אַ יוגנטגעליבטע —
צאַרט האָט זי מיך ביי דער האַנט אָנגענומען...

אַ זיסער טרויער
האָט מיין האַרץ באַקלעמט —
אין וואַכן לעבן
זיינען מיר זיך פרעמד...

ווי ס׳צעגייען זיך צוויי וואַסערן
אַזוי האָבן מיר זיך צעשיידט —
איצט בינדט מיך צו אַן אַנדערער
אַ הייליקע קייט...

קאָנען געהייליקטע קייטן
אַז דאָס האַרץ איז אָפּגעבונען ?
קענען צעשיידטע וואַסערן
ווידער איניינעם רינען ?...

סעמערינג
20. XII. 1920.

# נישט איינמאָל

נישט איינמאָל
אין ווילדע שטורעמנעכט
וועסטו שטיין פאַר מיינע פענסטער
באָדן דאָס בלאַסע בלוט אין צער
פון געוועזענעם גליק

און איך וועל זיצן
ביי מיין טרייען ווייב
האַנט אין האַנט
און זאָגן:
— איז דאָס אָבער אַ נאַכט פון געשפענסטער —
דעק צו ליובע, דעק צו דאָס קינד
טאָמער וועט עס זיך דערוועקן
און דערשרעקן —
פאַרוויג עס, פאַרוויג...

ווי פאַר עפּעס בייזן
אָפּהיטנדיק
וועט זי עס פאַרוויגן
און טוליען איר קעפּעלע
צו מיין ברייטער ברוסט.

און הינטער מיינע פענסטער
מיטן ווילדן וואָיען פון הינט
וועט זיך דערטרינקען אין בייזן ווינט
אַ וויינען פול צער, פול חרטה און בענקן...

# איך ווייס עס, פריינד

איך ווייס עס, פריינד
איך בין אַייך געווען דער בעסטער קומפּאַן
ביי מיידלעך און ביי ווייַן
ביי טענץ און געלעכטער
ביי דיסקוסיעס ביז אין שפּעטע נעכט!
איבער מענטש, ייד און געשלעכט —
נאָר היינט מיינע פריינד
זיינען זיך אונזערע וועגן
צעגאַנגען —
ר׳האָט ליב באַקומען
יחוד־תּפילות
אויף שטילע וועגן
דער מאַן.

איך ווייס אויך — איך ווייס:
ס׳קערן זיך נישט אום
די שיכּורע, ברויזנדיקע יאָרן
פון אומגעלומפּערטע מאָרגנגעננ
איבער בערג און טאָלן —
פון „נאַטורבורשנטום“...

דאָס לייד
דעיאַנירא

פונעם גריכישן מיטאָג
האָט מיך דערזען
אַ זוניקן מאָרגן
אין פרילינג
אַז איך בין אָן אַנונג
מיט נאַקעטן גוף און נשמה
מיט אויפגעהויבענע הענט
פאַר התפעלות
אַרויס פון די קלאָרע אינדן
און ווי אַ זייל
אין דער זון זיך געשפיגלט —
און זי האָט אויף מיינע ברייטע
פרייע שטאַרקע אַקסלען
אַרויפגעוואָרפן איר שוואַרצן שווערן
ברענענדיקן טלית:
עיל פון אַלטאָג...

. . . . . . . . . . . .

איצט
לאָזט מיך אַמאָל איינזאַם זיין!

## מיינע בלוטלאָזע, בלאַסע, מידע טעג

מיינע בלוטלאָזע, בלאַסע, מידע טעג,
האַלטן דאַרע, בלאָע דלאָניעס פאַר די מיילער
און גענעצן מיט פאַרשלאָפענע עין־הרעס.

מיינע בלוטלאָזע, בלאַסע מידע טעג,
פאַלן צו הונגעריקע צו מיינע שלאָגאָדערן ביינאַכט
און גייען שלאָפן שלאָפלאָזע נעכט אָן תּיקון...

31. X. 1923.

## און ווידער בין איך שטילער בוים

און ווידער בין איך שטילער בוים
איך לעב און טרוים —
און איבער מיין קרוין רינט
ווייטער, ווילדער, פרייער ווינט...

אָ האַרץ מיינס
זיי שטיל מיין האַרץ —
זאָלן שנירן פייגל
פליענדיק קיין דרום
שפּאַלטן אָסיענדיקע כמאַרעס —

זאָלן דאַרע, אַנטבלעטערטע אָרעם
זיך רירן, רייסן ציטערן
שטום
אין שטורעם...
. . . . . . . . . . . .
שטיל האַרץ...

26. X. 23.

# א י ן  צ ו ג

ש. ק.
אזוי פיקסירט מען צייט.
זי ווערט פארגליווערט אין ליד און שטייט
ווי א פעלז אין אייביקייט...
און דערמאָנט פרייד און לייד... און לייד...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...דערנאָך — איבער פאַרפּרילינג פעלדער.
ווינטערקאָרן יאָכצט אויס דאָס יונגע, גרינע לעבן.
שוואַרצע מחנות ראָבן באַפּינטלען, באַרוישן ברוינעם
אַקער...
(באַדויערט זיי — נודנע מתושלחים):

אַך ווי גוט איז מענטש צו זיין!

אַלעמאָל לאַכט דיר אין פּנים אַריין אַ נייע לאַנדשאַפט
ווי אַ מיידעלע פול חן.
און פרעגט:
„גלייבסט אַז די וועלט איז שיין?“

און אויף מאָדנע סטאַנציעס בלייבסטו שטיין
און קענסט ניט זייער נאָמען.
וואונדערסט זיך —
ווי ווען וואָלסט דעם סמבטיון
אַריבער אין חלום...

און מאַנכמאָל
ווערט דיר שווער ביים האַרץ
און באַנג:
דערזעסט אַ שוואַרצע פּלייצע
פון אַ פרעמדן
אַ ווילדפרעמדן מאַן —
וואָס גייט דיין טויטן פּאָטערס הוידנדיקן גאַנג...

אין צוג טאַרנע—קראָקע, 1923

# ווי אַ קראַנקער פויגל

ווי אַ קראַנקער פויגל
צוריק צום אַלטן נעסט
בין איך מוטער געקומען פון דער וועלט
אויף דיינע פשוטע קעסט.

דו האָסט פאַר גליק
געוויינט און געלאַכט
און איבער דיין קינדס דאָבּרעמזל
געזיפצט ביינאַכט.

און צומאָרגנס
איף שפּיצפינגער
געגאַנגען אַרום מיין בעט
און האָפערדיק געשמייכלט
און מיינע האָר געגלעט...

דו האָסט געשמייכלט — גייענדיק אויף שפּיצפינגער –
און איבּריק גערעדט
כ'זאָל מיינען, אַז ביסט גליקלעך
כ'זאָל זיין באַרוט, געטרייסט,
ס'זאָל מיר זיין גרינגער...

# נישט געקאָסעט

. . . . . . . . . . . . . .

נישט געקאָסעט גרינע גראָזן
נישט געמאַכט קיין היי
וואָס וועט טאָן דאָס ווייסע ציגעלע
עלנט אויפֿן שניי?

. . . . . . . . . . . . . .

פֿרי אין פֿרילינג נישט געאַקערט
זאָמען נישט געהאַט
כ'האָב געטרייסט זיך: ס'גייט צו זומער
איז פֿון היי אַ צייט.

זומערלעבן — ס'שפּילן גרילן,
ס'וואַכערט פֿרעכטיק גראָז,
ס'קוויקן אויגן פֿלאַטערפֿייגל
בשמים־הויך די נאָז.

נאַזנדיק — פֿאַר זון פֿאַרזשמורעט
קייענדיק אַ זאַנג,
נישט פֿאַרטראַכט זיך: צייט צו קאָסען
אַראָפּ פֿון געדאַנק.

נעם איך שוין די קאַסע קלעפּן
וואַלקנט זיך — און ווינט
ברענגט דעם אָסיענרעגן טראַגן -
און דער רינט און רינט.

און מיין גראָז איז נישט געקאַסעט
ס'ליגט און פוילט דאָס היי —
ווינד און ווי צום ווייסן ציגעלע
וואָגלענדיק אין שניי.

## וויגליד

ניט מען מאַר, נישט געזונט
קינדערלעך צו וויגן —
שלאָפּזשע פּיניעלע אַזוי,
זע זאָלסט רו׳ק ליגן
ס׳וועט דער טאַטע שטילטשיק דיר
צוזינגען אַ ניגון
ליוליו, ליוליו, ליו.

ס׳פּאַשעט וואו דאָס ציגעלע
פון דיין טאַטנס וויגעלע,
ס׳איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען —
נישט געבראַכט קיין סחורה,
נאָר אַ קאָפּ מיט תורה.
ליוליו, ליוליו, ליו.

אפשר גאָר די סחורה
אויף דעם וועג פאַרלוירן,
פון צו זיסע לידלעך
וואָס פאַרטומלען אויערן,
פון צו פילן וואַנדלען
און צו ווייניק האַנדלען,
ליוליו, ליוליו, ליו.

דאָך טוט איצט מיין ציגעלע
מיט דיין יונגן ציגעלע,
צעוואַיעווען זיך, צעבריקען זיך
צעפליען זיך אויף פליגעלעך
און פרייען זיך אינאיינעם
מיט זוניענעו מיין שיינעם
ליולין, ליולין, ליו.

## מיט דיינע גאָלדענע הערעלעך, פיניעלע

מיט דיינע גאָלדענע הערעלעך, פיניעלע,
שטראַלסטו אַריין אין אין־סוף.
דורך דיינע גוואַלטיקע־בלויליכטיקע אויגן
קוקט מיין געשלעכט: עבר און עתיד צו מיר אַרויף...

כ׳האָב געלייענט אין הייליקע ספרים
שטודירט מאַנך גרויסן פילאָסאָף —
קיינמאָל בין איך נשט אַזאַ מאַמין
אַזוי נאָנט — נאָנט צו גאָט —
ווי מיט דיר מיין זון צוזאַמען...

שטוינסט — און איך שטוין מיט דיר אינאיינעם —
כ׳באַגליקט מיך דיין פרעגן אָן מאָס:
טאַטוסיו פאַרוואָסי — פאַרוואָסי טאַטוסיענקו?
פאַרוואָסי... פאַרוואָסי... פאַרוואָס?...

וואָס זאָל איך טאָן מיט די אַלע שאלות
צווי־אַ־פערטליעריקער? זאָל איך גערירט
דיר מודה זיין, זיסינקער מיינער,
אַז כ׳ווייס ווייניקער טויזנט מאָל פון דיר?

מיידאַן
11. X. 1927

## פאַר דיר פלאָשן זיך נישט קיין הינער

פאַר דיר פלאָשן זיך נישט קיין הינער
אויף דיר הויקן נישט קיין הינט
דיך ניזכעט די קו און זי לעקט דיך
ווי זאַלץ, ווי ס׳קעלבעלע — איר קינד.

צו דיר טוליען זיך קעץ אַזוי ליבלעך
אַזוי תאווהדיק רוקן געקרומט
ווי מאַנכמאָל ווינטער אין פענסטער
(זען זון קורץ צו שיינען קומט...)

און נייען פאַרביי נידערטרעכטיקע,
שונאים, רשעים מיין הויז
שמייכלען לאָקסטו ליכטיקע
אויף זייערע פינסטערע צרות אַרויס...

און אפשר בין איך אויכעט אומווערדיק
גאָט פאַרלוירן אַצונד —
און דו פון מיין דוך געבוירענער
ביסט ס׳פאָרויסגעזאָגטע קינד???!!!

11. X. 1927
מיידאַן

# דער נביא אין שטאָט

פרעמד און אומדערקאָנט איז ער אַרומגעגאַנגען
ווי אַ הונט אין קאַלטע גאַסן,

מענטשן האָבן אים פיינט געהאַט, אָפּגעריכטעטע
הינט אויף אים אויסגעהריקעט זייער גאַנץ האַסן...

זיינע שיך זיינען געווען אַלטמאָדיש, מיט אויסגע-
קרימטע קנאַפּל, נישט געפּוצט מיט פּאַסטע,

קויטיק דער קראַגן, לעכערלעך דער קראַוואַט,
די קליידער אַלט און צעכראַסטעט.

אויף דעם געבויגענעם רוקן אַ דינער האַלז, אַ קאָפּ
ווי אַ דיניע, מיט אַ געוואַלטיקן שטערן,

פון הינטער וועלכן ס׳האָבן צוויי העלעכע אויגן
געפלאַקערט, ווי צוויי מיסטישע לאַמטערן.

מיידלעך און פרויען, וואָס האָבן זעלנערס אַפילו
געוויזן ווייסע, פלאָמבירטע און גילדענע ציין, האָבן
זיך מיט אים נישט געפּאָרעט —

צו אַ מאַן אַ שפּייזער האָט ער נישט געטויגט,
און פאַר אַ ליבהאָבער — האָט זיי צו זים דער יצר-הרע
נישט געטאָרעט.

אַפילו זאַמדיקע אויסגעטריקנטע עמאַנציפּאַנטקעס
מיט שפּאָרע הערעלעך, בעמישע נעזער און קיילעכדיקע

האָרנבּרילן, וואָס האָבּן ליב מיט יעדן פון דעם פאַר־
האַכטן געשלעכט טעאָרעטיש איבּער סעקסואַליטעט זיך
צו דולן —

האָבּן מיט אים צו טענהן נישט געהאַט קיין ווילן.

יונגעלייט, באַלאַקשיכטע, באַפּראַקט אין פיינע קאָ־
לעכן פאָרנדיק פון באַלן, וואו זיי האָבּן געטאַנצט פאַר
פאָגראָמירטע, פאַר הונגעריקע פון רוסלאַנד, כדי זיך
אויסצוהאָפּקען אַרייך באַנדנטע כלה, פלעגן אויף אים
אָנטייטן שפּעטיש, מיט סאַטיריאָזישע גרימאַסן מבזה
זיין און ווייזן:

„דער בּחורעץ מיט דעם קאָפּ, ווי אַדיניע, וואָס
ווייסט ער פון עולם הזה?"

און דער בּחורעץ מיט דעם קאָפּ ווי אַדיניע, וואָס
האָט מכלומרשט נישט געוואוסט פון עולם הזה,

איז שווער געגאַנגען איבּער דער מאַמע ערד, וואָס
האָט אים אַנטפּלעקט רזין דרזין...

און כאָטש מיליאַסן שטערן האָבּן צו אים גע־
וואינקען, מילכוועגן געוועזן היימיש, די ספערן געזונגען
זייער געטלעכן הימן —

אַ קוואַרטירל מילך זיך צו קויפן און אַ פרישן קיפל
האָט אָפט אים אויסגעפעלט מזומן...

און כאָטש ער האָט ניט גערוט בייטאָג, געאַר־
בעט ביז שפּעטנאַכט, נישט געוואוסט, וואָס הייסט היי־
ליקע צייט מבטל זיין,

האָבן מיט אים נעבעך אַלע געשטאָרקעט, געהאַלט׳ אים פאַר אַ לאָ יוצלח, אַ מלמד און פאַר אַ בטלן...

אין צעכן, פאַריינען איז ער נישט געווען אײנגע־שריבן, אַרבעטסלאָזן־אונטערשטיצונג נישט גענומען; קיי־נער האָט פאַר אים נישט געצאָלט אין דער „קאַסע־כאָריך“.—

האָט ער נאָך אַ פּאָר פאַרקילונגען אָנגעהויבן הוסטן, וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער און די קאַרידטע צײן האָבן געפוילט אויף פּאַרעך...

און אַז עס איז געקומען די גריפּע, איז ער מיט 40 כיבער געלעגן אַליין אין זיין קאַבינעטל אויף דעם 5טן גאָרן —

איז צוגעפאַלן אַ קאָמפּליקאַציע. זיין האַרץ און זיינע לונגען זיינען געווען צו שוואַך — האָט זי אָפּגעשניטן זיי־נע יונגע יאָרן...

אַ טרייער פריינד, אַן עקספרעסיאָניסטישער בילד־הויער האָט אים צוגעמאַכט די אויגן און אַראָפּגענומען אַ גיפּסענע מאַסקע —

און זיינע פּאָר ביכלעך צונויפגעקליבן און די גע־בליבענע כתבים און די אָרעמע, איבריקע, מאַנאַטקעס...

און אַז מען האָטם געטראָגן צו קבר און אָפּגעטאָן זיין רעכט, האָט זיך מיט אים קיינער נישט געערגערט און נישט מער געבילט די כלבים —

און איך אַ מאָדנעם אופֿן זיינען פֿון אים די פֿאַר־לעגערס געוואָר געוואָרן, אָנגעהויבן מאַכן רעקלאַמע און דרוקן זיינע כתבים...

די טאָגבלעטער האָבן אָנגעהויבן ברענגען פֿעליע־טאָנען, זייער לאַנגע און זייער געזורענע (מען האָט דאָך די שרייבערס געצאָלט פֿאַר אַ שורה),

זיי האָבן ביטער געקלאָגט, באַדויערט דעם גדול, וועלכן מען האָט פֿאַרלוירן...

זיי האָבן אָנגעהויבן צו שרייען: דאָס איז געווען דער בעש"ט פֿון אונזער דור, דער פֿאַרבאָרגענער צדיק, דער גרויסער פֿולער גייסט מיט לייזיקע קישקעס.

און אַנדערע שרייבינגלעך־קריטיקערס, דאָקטוירים פֿון פֿילאָסאָפֿיע, וואָס קלערן אין פֿרעמדע קאַטעגאָריעס, האָבן אים אָנגערופֿן: היליקער פֿראַנציסקוס...

די געווערקשאַפֿטן האָבן אים הויכגעהאַלטן, געהאַט די תּרעומה: „ער איז נישט געווען קיינמאָל אָרגאַניזירט. חוץ דעם צופֿיל אידעאַליסטיש־אוטאָפּיסטיש און צו ווייניק מאַטעריאַליסטיש"...

דערפֿאַר האָבן די יונגטלעכע נישט איינגעשרענקט זייער ליבשאַפֿט. זיי האָבן אים פֿאָרט געהאַלטן פֿאַר אַ פּאָסטאָליש־סאָציאַליסטיש...

אין בעסערע פֿאַרצעליי־געשעפֿטן האָט מען זיין מאַסקע פֿאַרקויפֿט, אין קונסט־געשעפֿטן זיינע ראַדירטע פּאָרטרעטן,

מוזיקער האָבן איבער אים געקאָמפּאָנירט סימפאָ־
ניעס, געדיכטן געשריבן פּאָעטן...

און די יונגעלייטלעך, וואָס האָבן אַמאָל פאַר אים געאַדמט פּיסקעס אויסגעקרימט פון שפּאָט און פוינישע גרימאַסן —

האָבן איצט געקאָנט אַליין בײַ די ווײַבער דערגרייכן דורך: „האָר אַ־לאַ נביא, דעם נביאס נאָז, דעם נביאס טעינט, דעם בלאַסן..."

האָדאָ — די מיידלעך און ווייבלעך, וואָס זיינען פריער פאַרבייגעגאַנגען לעבן אים, ווי מען גייט פאַרביי בלופּעס —

האָבן זיך איצט אַרום זיין זכרון געדרייט, ווי מען דרייט זיך מיט ליכט אַרום חתן־כלה בײַ חופּות...

אין זייערע סאַלאָנס איבער קלאַווירן איז זיין מאַס־קע געהאַנגען, באַקרענצט מיט בלומען און לאָרבער־בלעטער

ער פלעגט צו זיי קומען אין זיסן חלום ביינאַכט, ווי זעוס צו אייראָפּן, ווי דער שוואַן צו לעדאַן, ווי יאָ־האַנעס צו סאַלאָמען,

און ווי צו אַנדערע שטערבלעכע, אויסגעבענקטע בתולות — קומען געטער.

טאַרנע, אַפּריל 1923.

# יאַצעק מאַלטשעווסקי *)

העלאָוויגיקער ברודער, מרה־שחורהדיקער סלאַוו, מילד־
שמייכלענדיקער —
מיט דיין קאָפּ האַרבסטפעלד־קאַלקייט, די באָרד: באַבע־
זומער־פעדים —

ווי יונג איז דיין גייסט!
ברייט שפרייזט איבער וויט־פעלדער —
דיינע לונגען שלינגען ווינטן: אומעטומקינדער —
דיינע אויגן — יזשעדנע האָריזאָנטטרינקער —
אין דיין נשמה פייפן בלאָנדע פלייטן, פליאַרן,
און דיין נשמה אָרגלט...

ס׳באַגלייטן דיך אויף דיינע וועגן קלעזמער־פוינען...
פולע פוינען פייפן דאָס אויף דיינע פלייטן?
ניין, דאָס איז פאַוסט, סלאַווישער פאַוסט...
(אָ דאָסטאָיעווסקי...)

און מאַנכמאָל ווייזט אין דיר דער יידישער קריסטוס —
מאַנכמאָל — אין טרעריק־טייערע מינוטן...
דאָך עפטער לאַכט אין דיר זונטאָגדיקע שיכּרות
און ס׳קלאַפן די פּידקאָוועס פון רויטע, רויע קראַקאָוויאַ־
קעס

*) איינער פון די גרעסטע און איידלסטע פוילישע מאָלער,
לעבט אין קראָקע.

צעווילדעוועטע, שוויצנדיקע בודהאיעס —
דזעהאַנגאַ לאַכט־אויף הילכיק, קאַרמינרויט —
דעמאָלט גייסטו אַוועק פון די ווייטער איבער סטעפּעס:
אַנהעלי —
דער ווייס באַפליגלטער, וויסער אַנהעלי...

די פאַרחלומטער באַלעבאָס, פּאַטריאַרכאַלישער פריץ
פון וואונדערלעך פּשוטע, ווייסע ליפּע־באַשאָטנטע הייפלעך
מיט ברייטע זוניקע גאַניקעס —
עס פירט צו זיי אַ טעפּעך פון לויטער, לויטער זון...
פאַרטראַכסט זיך איבער פּוילישע יידן
מאָדנע נאָענט און פרעמד —
אָ זייערע חידושלעכע צדיקים —
(האָסט זיך מיט זיי באַגעגנט — פרום געשטוינט —
ניט צוגערירט זיך. אַנגסט? דרך־ארץ?)
„וואָס איז דאָס קבלה" — פרעגסטו —
מיסטיקער, טרוימער, ביסט דאָך אַליין אַ בעל־קבלה
און ווייסט עס ניט...

וואָלסטו געלעבט מיט מיצקעוויטשן, מיט אים וואָלסטו געגאַנגען
פריידיגן אין שולן: ליבשאַפט, ברידערלעכקייט,
(היינט איז דאָס פאַרגעסן!)

האָסטו זיך נישט צעקושט אַ געזירטער מיט דעם גרייז־
גרויען
ייד—אַמעריקאַנער? באַר זיין שטאַרבן געקומען באַזען זיך
מיט מוטער־פוילן. אַ דערשיטערטער געוויינט אויף דער
ערד
פון זיינע קינדעריאָרן אין שנעלצוג: קראָקע — קריניצאַ?
האָסטו זיך מיט אים נישט צעקושט?
אָ, צווי הערלעכע אַלטיטשקע.
אָ, הייליקער ברית.
עס איז אַנטשטאַנען אַ רעגנבויגן.
אויף די צלמים פון די אַרומיקע פעלדער האָבן זיך
צעוויינט די צוגעצוועקעטע ישום...
(וואָס זיינען אַקעגן דעם לעלעוועלס מאַניפעסטן?)

ווי העל האָט געיאָכצט דיין נשמה
אין דער באַרירונג מיט מיינער
דער יונגער, דער אוראַלטער, דער יידישער,
אַזוי נאָענטער און פרייער...
האָסט ליב באַקומען מיין קאָפּ.

האָסט מיך געפרעגט:
„וואָס שרייבט איר ניט מאַניפעסטן יונגע יידן
טענדט אייך נישט אויס מיט אונזערע לשם־שלום?"
כ'האָב געענטפערט דיר:
אין אונז איז דאָ צו פיל
און זיי צו ווייניק — קריסטוס.

האָסט זיך זייער געפרייט
וואָס איך האָב אַזוי פיל געוואוסט
פון דעם הייליקן פראַנציסקוס — —
מיר האָבן געטענהט איבער די „פיאָרעטטי“ —
און איך האָב דיר פאַרציילט פונם בעל־שם־טוב...

איך האָב דיר וואָרילגעטאָן.
ביים געזעגענען
ביסטו דריי מאָל מיך צוגעפאַלן קושן.
(אָ, הערלעכע סלאַווישע אימפולסיוויטעט!
אָ נשמהדיקע פרישקייט!
אָ גרייז־גרוי קינד!)

האָסט מיך אַזוי היים געבעטן:
„זאָלסט ליב האָבן פוילן
כאָטש ס׳זאָל שפּעט זיין,
אַם שפּעטסטן. זאָג מיר צו...“

איך האָב דיר ברודער צוגעזאָגט.
ס׳איז מיר לייכט געווען.
איך האָב עס ליב:

מיין פוילן זיינען דאָך סמערעקעס, בערעזעס
ווייטע, זון־באַגאָסענע, פרוכפּערדיקע לאַנעס

די טייערע בערג, וואַנדערנדיקע כמאַרעס,
און די וואַסערן, די טייכן, די קוואַלן —
אין דיין רייכע געבענטשטע נשמה אין פוילן
מיין ברודער יאַצעק מאַלטשעווסקי!

# ס אַ ל אָ מ ע

סאַלאָמע טאַנצט...
אַ ווילדער טאַנץ,
אַ טאַנץ פון צאָרן, קנאה און פון תאווה,
אַ טאַנץ פון צעשמעטערטער גאווה,
פון מאַכטלאָזן גלאַנץ —
סאַלאָמע טאַנצט...

עס פרעסן זיך די אָרעם
עס קריצן די ציין
די ליפּן שוימען
עס שטרעקן זיך די בריסטן
אין קאָכנדיקן גלוסטן —
אַזאַ בייזער שטורעם
אַזוי חידוש שיין...
אַזוי שיין...

סאַלאָמע טאַנצט
און טאַנצט...
אַ דעמאָן פון טאַנץ —
ניצחונדיק
אין פלאַמענדיקן קראַנץ
פון מענלעכע ערוות —
לילית...

אין מאַכטלאָזן קראַמף
אירע גינגאָלד־באַצירטע הענט
שוימענדיק,
פאַלט זי צון אַ וויל...
מיט די שלייערן
צעפלעכטן זיך...

ס'קלאַפּן הערצער,
אויגן גלאָצן גלוסטונג,
ס'שפּרינגען אַרויס ווייסל —
הערצאָד שרייט:
סאַלאָמע פאַרלאַנג דיין לוין
דיין לוין דיין טייערן
ביז צון אַ האַלבער קרוין...

— איך וויל דעם קאָפּ פון יוחנן!
(אַנגסט און שטוינען)
— איך וויל דעם קאָפּ פון יוחנן!
(בלאַסקייט, מפּיס־זיין)
— איך וויל דעם קאָפּ פון יוחנן!!
(צאָרן, וואָרנונג, פאַרצווייפלונג)
— איך וויל דעם קאָפּ פון יוחנן!!
. . . . . . . . . . . .
— איך וויל דעם קאָפּ פון יוחנן!!!

צו מיטערנאַכט
האָט דער תלין געבראַכט
אויף אַ זילבערנער טאַץ
דעם קאָפּ פון יוחנן...
זי שליידערט זיך
אַ ווילדע קאַץ
און קושט...
און קושט...
און יאָמערט ביטער,
און קלאָגט,
ביז העלן טאָג...

. . . . . . . . . .

ביזן העלן טאָג
קלאָגט זי און באַזאָגט...
ביז זי בלייבט פאַרחלשט
מיט די רויטע ליפּן
אויף די טויטע ליפּן...

. . . . . . . . . .

סאַלאָמע, סאַלאָמע
וואָס זאָגסטו קלאָגלידער?
סאַלאָמע, סאַלאָמע
זיי וועקן אים נישט ווידער...

כאַלאָמע, סאַלאָמע
איצט גייסטו אין זיין תפיסה
און זאַלבסט מיט טייערסטע איילן
די שוויצנדיקע, שטינקענדיקע פיס
פון די רוצחים מיאוסע
וואָס האָבן אים געזען
דעם גוואַלדיקן, דעם גרויסן
לעבעדיקערהייט...
אָ לייד, אָ לייד —
און אומזיסט —
סאַלאָמע...

אומזיסט ביסטו דערבאַרעמדיק
און טראָגסט שניי:קע ליילעכער
און וואַרעם געקעכץ
צו די פאַרשטויסענע —
דו וועסט נישט פאַרגעסן דאָס שלעכטס.
און שווער
קרעכצסטו דורך דיינע שלאָפלאָזע נעכט,
קרעכצסט,
סאַלאָמע...

צו דעם נביאס מוטער
ביסטו אומזיסט געקראָכן
איף דיינע קניגלעכע קניעס —
זי האָט דיך נישט פאַרשאָלטן...

די בלינדע....
אַך, זי האָט דיך נישט פאַרשאָלטן...
ווי עלנט ביסטו
ווי עלנט, ווי עלנט
כאַלאָמע...
זי האָט דיך נישט פאַרשאָלטן —
זי איז געווען אָן טרייסט
סאַלאָמע

. . . . . . . . . . .

און איצט
בלאָנדזשעסטו אַרום
שטום
דורך די טעג
און וואַרפסט דיך אַוועק
אין שרעקלעכע נעכט,
אין גיהנומשע נעכט,
אין משוגענע נעכט
פאַר קעלנער
און זעלנער
סאַלאָמע,
סאַלאָמע

. . . . . . . . . . .

## אָדע צון אַ פראָש

זיי מוחל מיר
הערלעך באַשעפעניש פון גאָט
ווי איך געפּוירן
צו פרייד און זון
צו דערפילן מיט דיין קול
אַן עגול וועלט — ווי איך!

דיין הימן קוואַ־קוואַ,
מיט ניואַנסן אין לבנה־נעכט
אומפאַרשטענדלעך
פאַר דער טויבקייט פון מיין מענטשלעך אויער —
ליב צו גאָט
צו אונזער גאָט
ווי נאַכטיגאַל־געזאַנג
ווי בוימערדרויש אין ווינט
ווי יעלות פון מתפללים
און אפשר מער...

ווער ווייסט וואָס דו ביסט מעלה,
דיין גלגול ווער פאַרשטייט
דו קלוג באַשעפעניש פון גאָט?

זיי זשע מוחל מיר
די שטערונג פון דיין ווינטער־שלאָף

דיין רויב פון פרייוואַסערן
און די לאַנגע תּפֿיסה אין ענגע סלאָיען
פון פיזיאָלאָגישע שטודירשטובן.

אָ זיי מוחל מיר
וואָס כ׳האָב געקרייציקט דיך
לויט דעם שולחן ערוך
פון פיזיאָלאָגיע —
אַ קרבן פאַר דער וויסנשאַפט!

אָ זיי מוחל מיר
וואָס כ׳האָב דיך קוראַרירט
אומברחמנותדיק —
נישט אַכטנדיק די פאַרצווייפלטע, שטומע קאָרטשן
פון דיינע גלידער —
וואָס כ׳האָב דיך געמאָרדעט
געשניטן דיינע גדערים
אַנטבלויסט דעם הייליקן רובין פון דיין האַרץ
גערעכנט זיינע צאַפּלונגען
גערייצט די נערוון דיינע
און זיך פאַרשיכורט
און זיך אַנטציקט
פאַרגעסן זיך פון התפעלות
איבער די פורפורנע וואונדער־וואַסערן
די הערלעכע קוואַלן

פון דיין געבליט
אינטערן מיקראָסקאָפּ — —

אָ די שטראָמענדיקע אַרטעריען
ווי מעכטיקע באַרג־קוואַלן
איבערשוימענדיק
הערלעך אין יאָך
— פון גערעגלטע קאָריטעס —

אָ זיך זאַמלענדיקע אָדערן
איבער די ווינציקע שטחים
פון אַ מעמבראַן צווישן דיינע פינגער
איבער דער שתנה־בלאָז
(דורכזיכטיק און פאַרפישופדיק
ווי אַ באַרג קריסטאָל
געטאָקט ווי אַ דימענט —)
איבער דעם הייטל פון דיין געקרייז
(זיי האָבן זיך געוויַיט ווי וועלטן!)
איך האָב געמיינט
איך וואַנדער איבער לאַנדשאַפטן, לאַנדשאַפטן
חלום — ווייט,
חלום פרעמד און זיס...

די אָרדנונג פון דער וועלט
געטלעך און גוט

האָסטו מיר אַנטפּלעקט
ברודער פּראָש,
וואָס כ׳האָב געקרייציקט דיך!

ווער קען לעגענדעס פון דיין פאָלק
ברודער פראָש
ווער ווייסט וואָס ביסט פאַר זיי
און ווער דו ביסט — ?
(וואָס ווייסן מענטשן מיר?)
(האָט פאַר דיינעטוועגן
דער הייליקער פראַנציסקוס נישט געפּרעדיקט?
אין בעש״ט מעשיות האָב איך דיך באַגעגנט
אַלס כּלי פאַר אַ גלגול...
אין די עשר מכּות
די צווייטע פּלאָג ביסטו. — פאַרוואָס?
און מיר פראָש
ביסט אַ הייליקע ב ר י א ה ווי אַלע
אַפילו אַ פויגל גלייך אַ געפעסטעטן
און אַ זינגענדיקן!)
אפשר בין איך גאָר
אין דיינע אויגן פראָש
אַ גאָט,
אַ גרויזאַם — גרויסער מלאך
גרויזאַמער פון אַ בושיק

מעכטיקער פון אַ שלאַנג
און מיר דערלויבט איז — אַלץ?!

ווי כ'זאָל נישט זיין
זיי מוחל מיר —
איך פיל זיך שולדיק
ברודער פראָש
איך פיל זיך שולדיק
און איך ווייס
אין לבנה-נעכט זומערדיקע
אַז כ'וועל הערן
ליטאַנייען פון אַייערע כאָרן
וועל איך דערמאַנען זיך
אויף אָן דיר מיין פראָש
און אָן די ברידער דיינע
וועלכע כ'האָב געקרייציקט
(אַ קרבן אויפן מזבח
פון דער אַזויגערופענער
וויסנשאַפט...)

איך וויל פאַרטראַכטן זיך טיף
אין דעם וואַרעמען פרייען אָוונט
אונטער דעם באַשטערנטן קופאָל
וואָס דעקט אונז אַלע צו
מיט זיין זון און שטערן און לבנה

מיט דער אַטמאָספערע
און מיט די געזעצן
ליזהות הבּרית
די זעלבּע פאַר אונז אַלע
ברודער פּראָש!

30. I. 1926

# צו אַ דיכטער

פאַרוואָס גייסטו אַזוי שפּעט שלאָפן און שווינסט ניט
דיין געזונט?
גרויזאַמע חלומות פלאָגן דיר דערפאַר אין חושכדיקע
נעכט,
רייסן אויף דיך בײַ פלאַמיקע האָר פון וואָגלגעלעגער —
צייט פון חצות —
און דו שרייסט אויף אַ שרעק־געקאַלעכטער אַ בלאָ־
געלעפּצעטער:
געוואַלד, סע וואַקלט די ערד,
די שטורעם־גזרה פונעם סוף האָט זיך איבער אונז
אײַנגעגאָסן...

דיינע צאַרטע נערוונבינטלעך פון דיכטער לײַדן און
שוואַרצער קאַווע געשוועכט
ציטערן אויף און קאָרטשן זיך ווי פון אַ דונער בײַם
סקריפּ פון פאַרזשאַווערטע טירן,
וועלכע מעפיסטאָ עפנט אויף פּאַמעלעך, קריכט אַרײַן
אין זעצט זיך צו דיין בעט
און רעדט און רעדט
און אַן אימה פאַלט אויף דיינע נאַכטיקע געהירן
פאַר דעם פאַסצינירנדיקן שימער פון זיינע רייד, וואָס
זיינען ווי דער קאַלטער, פאַלשער
שיין פון פוילע ווערבעס, וואָס פאָספאָריזירן...

און צו שחרית ווערסטו אַ קלאָגפויגל, אַ סאָווע, וואָס יאָמערט אירע פּחדים
פאַר די וואָס דאַרפן „שלווה",
אַ פאַרעקשנטער ראָב פאַר די, וואָס בויען און שאַפן שווער אין דער צייט פון צרה —
זיינען מיר ברודער נישט שטאַרקער פון אַלע זשעלעזניאַקס און גאָנטעס?
האָבן מיר נישט גובר געווען נישט איין פּעטליורע?

מיר זיינען איצט, ברודער, נאָך שטורעמס נאָך ווילדע, אומעטום ראַנגלט זיך פאַרצווייפלט דער גייסט מיט דעם אַכזר — חומר —
מיר מוזן פריילעך זיין, מענלעך אויסהאַרן, קעמפן, וועקן, נישט פאַרלירן אמונה —
ביז מיר וועלן ניצחונדיק מיט אונזערע פאָנען אַרויסגיין אין פרייהייט אין פריילעכן ל"ג בעומר...

און ווער ווייסט וויפיל בעל־שמען איצט פּראַזען התבודדות, אויף סלאַווישע קרקע
און קאָווען געטלעכע פונקען, וואָס זאָלן ווידער אָנצינען געבענטשטע פייערן.
אַז זיי זאָלן אַריינפאַלן אין זשעדנע, אויסגעטריקנטע הערצער
ווי גוואַלטיקע בליצן אין פולע, אָסיענדיקע שייערן?...

אונז איז געהייליקט דער סלאַווישער בבל —
מיר אַלע וואָס גלויבן אין ציונס באַנייען
ווייכן: פון דאַנען וועלן אַרויסגיין עזראס חיילות,
וואָס וועלן דעם געפּענטעטן משיח באַפרייען...

און דאָרטן אין שאָטן פון איילבערטן און פּאַלמעס
נישט איינער וועט בויגן דעם קאָפּ ווי אַן אבל
דערמאָנענדיק ווייסע בערעזעס און סמערעקעס שוואַרצע
און זיין טייערן מאַידאַן אין סלאַווישן בבל...

לעמבערג,
דעם 1 אויגוסט 1923

# די שלאַנג אין דער מדבר

א געזאַנג פון האַס

דער געזאַנג פון עקל צו דיר אוממענטש, פאַרשאָל־טענע בעכטיע, ווילדער חזיר מיט אַ פראַנצאָוואַטער רילע

דו זאַטע חיה־רעה, וואָס בושעוועסט פראַנק און פריי אויף וועגן, שטעגן פון שטילע...

דו פילגווידריקער גראָבלעפּצער, פּראַס־אַקיקער טרעלבוך, אויסשטעכער, דו גרויזאַם־קויטיק געשפּייעכץ פון תהומען

ציל און סוף פון אביונישן האַס, פּראָוואָקאַטאָר פון קנאה, עקסצעסן און פּאָגראָמען, וואָס לאָקסט אַפיר דאָס בייז און ביטערס און בלייבסט אַליין אין דיינע אויסגעבעטע נאָרעס פאַרבאַהאַלטן און פאַרקראָכן

ביסיק ווי אַ שטשאָר אין קעלער, צוויקסט ווי אַ שלאַנג, לויערסט ווי אַ שפּין, ווי אַ הונט וואָרטשעסטו און וואַרגסט זיך אַליין מיטן קנאָכן...

דו לודערהאַפטיקע מאַסקע, ליגנער, בייטלשניידער, באַטריגער, וואָס דאָ שטשערעסטו די ציין אין הכנעה־דיקער חניפה ווי אַ נעבעכדיקע זונה—מען שפּייט דיר אין פּרצוף — און דו טענהסט: רעגן —

און באַלד אַן איבערגעביטענער, אַ שרעקלעכער וואָלקולאַק, אַ גליטשיקער וואַמפּיר—הירזשעסטו בהמיש, איבערלעגן

און קלימפערסט מיטן גאָלד אין דער קעשענע דיין מאה־דעה מיטן שרישן בטחון, אַז אַלעס, אַלעס קענסטו אומעטום קויפן

אַז אַלע רוקנס קענסטו בויגן (קלימפערנדיק מיט דיין מאה־דעה), אַלע ריכטערס, פראָפעסאָרן פון רפואה, רבנים, פרעמדע נשים, שטייער אויסמעסטערס, זונות, רעדאַקטאָרן — שטענדיק און אויף יעדן אופן...

דו גלויבסט אין גאָרנישט — אַלעס איז דיר שפּאַט, נישטאָ קיין הייליקייט, דער גייסט איז דיין גרעסטער שונא

ווי אַ וואָרעם קאָרטשעסטו זיך אַז פון הינטער אַ הויכן שטערן קוקן דיך אָן טיפע אויגן, פריי, נאַקעט אָן שוינען...

דיינע קעפּסווייבער פירסטו מיט אויטאָס אין בעט־האָוונקאָנצערטן, פרעסט זיין גייסט ווי שטינקענדיקן קעז, שטרעקסט זיך אין דער לאָזשע, געגעצסט, באַטאַפּסט מיט אונטערגעלאָפּענע אויגן איר רוקן, איר הינטערן, איר בוזעם

און מאָלסט זיך אוים דאָס האָטעלצימער, דאָס נאַכט־מאָלגעפּראַס, די פערווערזע פאַרגעניגנס אין דיינע נאָז־לעכער, מאַציאָרניק ציטערן — חלומדיק דעם ריח פון שוויים, סאַרדעלן און פיזעם...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און כאָטש דיין לעבן איז דרעקיק און נישטיק וועט זיין דיין פגירה ביסטו דאָך אומבאַוואוסט ממלא אַ גע־טלעך שליחות

ווי די שלאַנג אין דער מדבר ביסטו אַנידערגע־שטעלט אויף דער וועלט, אַז די פון גייסט, וואָס פאַר־געסן זיך און שטרויכלען אין חומר זאָלן דיך אָנקוקן זיך עקלען, אויסשפייען און דערקענען זייער יחוס...

מיידאַן, 14. II. 24

# י ו י ז ל

אַלס קינד
האָב איך דיך נישט געקענט —
און שטוינענדיק האָב איך געזען
הייבן צו דיר די האַרטע הענט
פול מאָזאָליעס די כלאָפּעס,
וואָס זיינען אַרבעטס־מיד
געגאַנגען פון די פעלדער —
איך ייד!

„יויז ל"
האָסטו געהייסן...
און איך האָב פאַר דיר געפילט
אָפּשיי און אַ קאַלטן שרעק,
און אַ צווייפלישן שפּאָט,
דו ביסט דאָך האָליץ געווען פאַר מיר,
אַ פסל פון אַ מענטש,

פאַר מיר דעם יידיש קינד,
און פאַר די אַלטע גויים — גאָט!

און דער מענטש איז געווען אַ משומד...
אַ בריאה פון וועלכער דער ייד
זיך ווענדט אַוועק
מיט צער און מיט שרעק.

# די בלינדע נאַכט

איך געדענק זיי, איך געדענק זיי
אָ די נעכט פון דיין געבוירן,
ווען פון בראָנזן=גלאָקן=קלאַנגען
האָבן פענסטער אויפגעציטערט
און געוואַקלט זיך די ווענט...

אין די נעכט פון דיין געבוירן,
ווען פון בראָנזן=גלאָקן=קלאַנגען
פלעגט צעהודזשען זיך דער אַויר
האָט מען צוגעדעקט די פולע
וואַסער=פעסער, וואַסער=קראַנען
פאַר דעם גייסט פון בייזער טומאה
אין די ידיש=פרומע הייזער —
און זיך נישט געוואַגט אין גאַס...

ווייל אין דרויסן דאָרט געגאַנגען
זיינען מחנותווייז די שקצים
טראָגנדיק די העלע שאָפּקעס,
זינגענדיק דערלייזונגלידער,
הירטנלידער, ליבעסלידער
און קאָלענדעס באַנגע=לאַנגע,
זינגענדיק מיט האַס: —
אַל=לע=לו=יאַ, האָ=זי=אַנ=נאַ
אַל—לע—לו—יאַ, האָ—זי—אַנ—נאַ!

בשעת פון הויכע קלויסטערטורעמס
זיינען בראָנזן־גלאָקן־קלאַנגען
זיך אין אַוויר ברייט צעגאַנגען —
אַלעלויאַ — האָזיאַננאַ
אַלעלויאַ — האָזיאַננאַ — —

. . . . . . . . . . . . .

פון גוישע הייזער
האָט דעמאָלט געשטראַלט ליכטיקייט,
און דורך די יידישע שטיבער
איז אַ בלאַסע, קאַלטע אימה געצויגן.
הינטער די אַליין געשטיקטע, ווייסע פירהאַנקעס
האָבן געשטאַרט אין דער זילבערנער נאַכט אַריין
שוואַרצעפּיקע יידישע טעכטער
מיט צעפּלאָשעטע גרויסע אויגן...

# צ ל מ י ם

מיט וואָס פאַר אַ געפילן, ברודער,
ביסטו פאַר קלויסטערס פאַרבייגעגאַנגען?
ווי אַזוי באַגעגענען דיך צלמים, ברודער,
איינגעוואָרצלטע אויף פרשת דרכים?

ווער האָט געפילט,
אַז זיי זיינען דערהויבענע אהבה־סימבאָלן,
געוואַלטיקע תפילות פון באַרבאַרן,
וואָס גאַרן ווערן געטלעכע מענטשן?

פאַר בושה, דערנידערונג, אוממעכטיקן גרימצאָרן
אין וועמען פון אייך האָט נישט געקאָכט דאָס בלוט
פון די אבות, געשרפטע אויף קדוש השם,
פון געהרגעטע, געברענטע תמיד און אומעטום?...

מיר איז ביז היינט אַ בייז געשפענסט אַ צלם,
צוויי אויסגעשפרייטע אָרעמס
פון אַ פרעמדן, ווילדן גאָט,
וואָס שטייט אויפגעריכט אין האַס
און דראָט — און דראָט!...

# והיה באחרית הימים

והיה באחרית הימים — און דאָס וועט זיין צום אויס־לאָז פון די טעג, וועלן זיך אומעטום פון די צלמים באַ־פרייען: די אין ביטערן צער אויסגעשטרעקטע משיחים און וועלן מיט די פון פאַרזשאַווערטע טשעוועקעס אויפ־געבלוטיקטע הענט אַרומנעמען די האַרטע, שווערע העל־צער און וועלן זיך לאָזן גיין אין מאָסלאָזע אומגע־ציילטע, געוואַלדיקע מחנות פון שטעט און פון דער־פער, פון בערג און פון טאָלן, פון גערטנער און מדבריות אויף די וועגן, וואָס פירן קיין רוים — און וועלן פאַרפלייצן די ברייטע, שטיינערנע שטראָזן, וואָס גייען קיין רוים.

און דאָרטן, אונטער דעם אַלטן, גרויסן שיטוס־בוינגן וועט אויף זיי וואַרטן מיט ליכטיקע אויגן דער פון זיינע גלות־קייטן דערלייזטער, דער לאַנג געהאָפטער, אין בענקעניש אַרויסגעקוקטע אין טויזנט טויזנט שלאָפ־לאָזע חצותן גערופענער — לעצטער משיח

בן דוד

און זיי וועלן אויפשטעלן די צלמים (און זיין וועט פון זיי אַן אומענדלעכער וואַלד) און פון דעם וואַלד וועט מעכטיק ברויזן די באַגריסונג, דריי מאָל:

שלום, שלום, שלום!

צו זייערע קולות וועלן זיך אָנרופן די הימלען מיט אַזאַ דונערן, אַז די ערד וועט ציטערן, ווי אַ דער־שראָקענע טשערעדע, און ביימער אויסגעוואָרצלטע וועלן פליען, ווי היי אין שטורעם, און בלענדנדיקע בליצן וועלן ברעכן! און פון די בליצן וועט זיך אָנצינדן דער צלמים־וואַלד און וועט זיך אַזוי צעפלאַקערן, צעברע־נען אַזוי, אַז דאָס פייער וועט גרייכן ביז צו די הויכע הימלען רויטע, ווי זשאַרענדיקער קופער, און אויף דער ערד וועט עס פאַרפלייצן אַלע האָריזאָנטן...

און

א ד ו ם

דער פאַרשאָלטענער, דער בלוטדאָרשטיקער, וועט ווערן וועגלאָז און וועט אין ווילדן שיגעון מיט אַרויסגעגלאָצטע אויגן, פלאַמענדיקע האָר אַרומבלאָנדזשען, ברילנדיק צווישן די שטראָפנדיקע, באַליידיקטע, באַשפּיגענע, באַ־בלוטיקטע צלמים — און זיין קול וועט זיך מישן מיט די קולות פון ווילדע חיות, וואָס יאָגן אַרום צעפלאָשעטע אַהין און אַהער און פאַרציקן זיך נישט מער.

ווייל זע! פון דעם ברענענדיקן צלמים־וואַלד אַרויס דערהייבט זיין דאַרע, שרעקלעכע נקמה־האַנט דער שוואַרצער גרים: לאַכנדיקער טויט.

און אויף מזרח־זייט וועט אויפגיין אַ זון, אַ גרויסע זון און אַ ליכטיקע זון, ווייס ווי שניי און שטאַר ווי שניי.

# לעגענדע

פֿאַר אַ פֿעלדוועג־צלם גייען פֿאַרבײַ
אַ פֿעטער, גראָבער גלח
און אַ געבראָכענער דאָרפֿסייד, אַהאַסווער...

ס'בלײַבט שטיין דער גלח
און צלמט זיך דרײַמאָל אונטערטעניק
פֿאַר ישו זיין האַר
דעם וועלטדערלייזער און קיניג...
שטיל שלײַכט זיך פֿאַרבײַ אַהאַסווער.

— זשיד! — שרייט דער גלח —
גייסט פֿאַרבײַ אָן דרך־ארץ, מיט שפּאָט
פֿאַר אונזער אמתן איינציקן וואָרן גאָט?
הייב דיין הוט!
(א'ן גיט אים צו אַ פּאַטש צו דעם געבאָט).

דער ייד איז שטיין געבליבן שטיל און שטאָלץ
און דעם גלח פֿאַלט אַראָפּ די האַנט, ווי טרוקן האָלץ...
און קוק און הער:
פֿונעם צלם קומט אַ זיפֿץ אומענדלעך שווער
און די באַק אויף וועלכער אַהאַסווער איז געוואָרן גע־
פּאַטשט —
איז בײַ ישוּן געשוואָלן...

דער גלח האָט געקוקט לאַנג דערשראָקן אין ישוס לעבע־
דיקע אויגן
און איז דערנאָך געלײמט און ווי אַ וואָרעם געקאָרטשעט,
געבויגן געגאַנגען אַהײם...

און ווי ער האָט געשטרויכלט בײם ערשטן שטײן
האָט אים אַהאַסווער בײ דער האַנט גענומען
נישט געלאָזט אַלײן אים גײן...

און ווי ער האָט אים נאָר געבראַכט צו דער שוועל
פון זײן הײם
האָט אים אַהאַסווער געשענקט זײן שטעקן זײן
אײנציקן פרײנד און שטיצע אויף האַרטע
אויף ווײטע וועגן
און דער דאָזיקער שטעקן איז אויך געווען
אַהאַסווערס אײנציק און לעצט פאַרמעגן...

## אָ, איך ווייס עס אַמבעסטן, ישו

אָ, איך ווייס עס אַם בעסטן
ישו
ווי איינזאַם דו ביסט, ווי איינזאַם
פֿאַר די גויים פֿאַר וועלכע דו ביסט געשטאָרבן
ווייל פרעמד איז זיי די קדושה
פון דיין פאַרצווייפלטן קרבן...

און מיר,
מיר יונגער דור
מיר גייען אַנדערע וועגן
מיר פאַרלייגן נישט אונזער מלכות
אויף וועלטנווייטע שטערן
מיר ווילן, אַז אַלע נבואות
זאָלן דאָ מקויים ווערן...

## רפאל סאַנטי

בייטאָג מאָל איך הייליקע, זוניקע מאַדאָנעס
און פאַרצוק מיר מיט מיין מיסטישער פאַרקלערונג,
די נעכט — פאַרהוליע איך מיט זונות...
וועמען גייט עס אָן?
וועמען איז עס שטערונג?
זאָל מיר דער קאַרדינאַל ביביענאַ
ניט נאָכשטופּן זיין קאָטשקאָדאַן
און איר נדן,
איך בין גאָר אַ שלעכטער,
און אַ פרייער מאַן!...

איך האָב ליב סעודות,
פריילעכקייט, חברותא, ווייבער!
פלייש! — יונג, זאַפטיק, זידנדיק פלייש!
אַפילו פסיכע שטראָצט ביי מיר מיט בלוט,
אַפילו סאַנטאַ טשעטשיליאַ...
אָוונטס האַלט ווענוס גרייט פאַר מיר איר שוית.

מוזעס זינגען קאַנצאָנעטן,
גראַציעס טאַנצן הערלעכע טענץ,
דאָס בעט איז פול קרענץ:
רויזנקרענץ,
ליליענקרענץ — — —
אַך שיכּורע פרייד!...

צומאָרגנס
בײַ דער מעסע
קוש איך רײַן
דעם טונקלבלויען זוים
פֿון מאַדאָנעס קלייד...

## מיכאַל אַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי

איך בין אַ בילדהויער... דעם תהו-ובהו
פון מיינע רויע געפילן, אָרקאַנישע געבעטן
קאָן איך מיט שטאָלערנע פויסטן צוזאַמענקנעטן
צו גיגאַנטישע קאָלאָסן
און זיי ווי פרעכע געצן פאַר גאָט אויפהילן,
אויפדעקן אַזוי, אַז ער זאָל זיך פאַר מיר דערשרעקן,
אויפציטערן !...

דען איך קען מער באַווייזן, ווי ער האָט באַוויזן !
איך מאַך שרייען שטומע, טויטע ריזן
אין קאַמף מיט אים און מיט מיין שווערן, ביטערן גורל...

און ער ? מיט וועמען האָט ער זיך געראַנגלט,
וועמען בייגעקומען אויף דעם וועג
צו די גרויסע מעשים
פון די ערשטע טעג ? !

## סאַנדראָ באָטיטשעלי

ווי הערלעך זיינען דיינע פרילינגן
טאָסקאַנאַ, דו מיין פאַרחלומט לאַנד —
דער הימל אַזוי בלאָ,
ווי מאַדאָנעס געוואַנט...

מיינע ווייטע אויגן רוען אין וואָרהייט —
מיין נשמה שפיגלט זיך אַזוי גלאַט און קלאָר
ווי דער כשרער סיניאָרינעס
חגאדיק געצוואָגענע האָר...

## לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי

איך מאָל אַצינד דאָס לעצטע אָוונטמאָל...
איך האָב זיי אַלע שוין באַגעגנט
די אַפּאָסטלען —
זיין צורה אָבער
האָב איך נאָר געחלומט...

און נעכטן פאַרבייגייענדיק
דעם פּאַלאַצאָ פּיטי
האָב איך דערזען אַ קאָפּטע לאַצאַראָני
פאַרפאָלגן אַ יונגן ייִד...
איך בין ניט פון די פחדנים,
נאָר נעכטן האָב איך אויפגעציטערט:
„דזשעזו"...

איך האָב אים אַרויסגעריסן פון זייערע הענט,
ער הייסט ברוך און איז דער זון
פונעם עלטסטן איבער זייער קהילה...

אַ סך טיפע סאָנעטן
רודערן אין מיין קאָפּ,
טויזנטער וואונדערלעכע בילדער
מאָלט מיין גייסט —
דאָך איך, פירענצע,

איך וועל ניט שפּייען אין פּנים דיר
פּאָטערשטאָט —
שטיל נאָר וועלן זיין און טרויעריק,
זייער טרויעריק
יעזוס אויגן
אויף מיין פּרעסק
צו סאַנטאַ מאַריאַ
דעלע גראַציע...

## מיכאַל אַנדזשעלאָ קאַראַוואַדזשאָ

איך האַס
די מענלעכע שטאָלצע לוקרעציעס,
איך קריץ שוין מיט די ציין
ביי דעם נאָמען אַליין...

דערפאַר ביינאַכט
אויפן וועג פון שענק
אַהיים
(זיגער נאָך מאַנכן געשלעג)
טרוים איך אַזוי גערן
און בענק מיך געהיים
צו איר
דער געל=זיידענער פאַטריציערינס
קלאָרן שטערן,
אַראָפּגעלאָזטע אויגן
און שעמעוודיקע ברוסטן...

איך בין באַשטעלט
צו מאָלן איר פאָרטרעט.
מאַלעדעטטאָ!
זי שפּילט אַזוי שיין מאַנדאָלינע!

## נעגער-פּלאַסטיק

איך האָב געשניצט
דריי מעת-לעת —
און מיר איז געלונגען
דער נס...

די פערטע נאַכט
בין איך געשטאַנען
פאַר מיין געץ טוהו
און פאַר פרייד געלאַכט:
טוהו, טו-הו-הו!

איך האָב אים געוויזן
דעם גאַנצן געשלעכט —
מיט מורא און שרעק
האָבן זיי זיינע פיס געלעקט...

און ביי דער סעודה
האָט מען דריי טעג און נעכט
געווילדעוועט אַרום אים
פון שיכּרות, פרייד און לוסט.

און ניין קעפּ
פון געפאַנגענע האָטנטאָטן

האָבן שוידערהאַפּט
גרימאַסעס אין ליכט
פֿון פֿלאַטערנדיקע פֿאַקלען,
בײַ וועלכע מיר האָבן
אויף בראָט־שפּיזן
זייערע שמעקנדיקע לייבער געבראָטן...

## ברוך שפינאָזא

ווי זאָל איך אַזויפיל פאַרענטפערן:
מלחמה, קינדערטויט, מגפות
און אַזויפיל אומגליקן
אַזויפיל?!

איז מיין לעבנס־פיין דען מער
ווי קינדערשפיל אין זאַמד?
בין איך אַמאָל
פריילעך געווען?

האָב איך עס גענאַרט:
bene agere et laetari?

כ'האָב אַזויפיל געקלערט און באַגריפן —
צי האָב איך באַגריפן?
אין דער גאַנצער וועלט, אַלוועלט
מיט וועלכער איך בין איינס
בין איך נישט אומענדלעך איינזאַם
כאָטש איך בין אויכעט גאָט?

. . . . . . . . . . . .

שווער צו זיין
זיין אייגענער גאָט!...

# די דינסט מאַרי

Marie Karela

צון איר דער דינסט איז קיין דאַמע נישט גלייך,
ווייניק הערצער זיינען, ווי איר האַרץ איז רייך...

אין יעדער אַרבעט, ווי נידעריק זי זאָל נישט זיין
טראָגן אירע רויע הענט הייליקייט אַריין.

זי קומט מיט שטילע טריט... קלאַפּט. עפנט אויף די טיר —
אַ ריטם פון אַ פאָלקסליד איז יעדער ריר פון איר...

ווי ליבלעך זי האַלט אין די הענט די טאַץ
שטעלט די גילדענע טיי אַנידער פאַר יעדערנס פּלאַץ.

אַ קלינגענדיק קול פאַרמאָגט זי. כדי עס צו הערן פרעגט מען זי:
— אַ, ווי גייט עס אייך, פריילין מאַרי?

זי שמייכלט אָפּ: — אַדאַנק הער דאָקטאָר — גוט —
איר פריינדלעכקייט קען נישט קיין שיעור —
וואָלסט געמיינט, אַז דער וועלט־פרידן האָט זיין וואוין בײַ איר.

ווי ווען אונטער איר פּערציקיאָרעדיקן מיידלשן צאָפּ
וואָלט קיינמאָל קיין ווייטיק נישט אָנגערירט איר קאָפּ.

ווי די וואָלט אין לעבן קיינמאָל זיך נישט פאַרקלעמט
און האָפענונגען וואָלטן זי — די שיינקייט פון טשעכישן
דאָרף — קיינמאָל נישט פאַרשעמט.

שטיל און הייטער איז זי אַרויסגעגאַנגען, חנעוודיק
געגריסט —
אַזוי פיל מאַמע גייט אויס אומזיסט...

## דוד פויגל

ניִשטאָ צו פּאַשען שוועסטער
קיין ווייסגעהאַלזטע גענז...

ס'לאַכט מיר נישט אַקעגן
קיין אייגענע לאָנקע...

כ'בין פרעמד ווי אַ וואָגלשליאַך.

כ'קוש נישט קיין מזוזה
אויף אייגענעביישטידלען....

מיין לעצטער שמייכל איז פאַראַקערט...

איך האָב פיל מאָל געקוקט
אין גרויסן טיפן גרוב: —

דערפאַר זען מיר טונק'לע וויקלאָגן
וואָכעדיק און אומוואָגיק...

אין קראָ־שוואַרצע נעכט
האָרך איך אָן אַנגסטן
שמע ישראל — פון קרייזערינס
מאַמע, מאַ—מע פון געווינעריינס

און ליכטיקע מאַמע
שטייט נישט צוקאָפּנס.

און ליכטיקע מאַמע
שטייט נישט צוקאָפּנס.

10. V. 1925
Kraków.

# פאַמיליענפּאָרטרעט

(געווידמעט מיין פריינד א. ז.)

איר זענט אַזוי פרידלעך, אַזוי שיין געפלאָכטן אַלע
ווי צו שבת מלכתא אַ געבענטשטע גילדענע חלה...

אין אײַערע זוניקע שטיבער פון יעדן ווינקל באַזונדער
פינקלען פון שלום-בית שטילע, פראָסט-פשוטע וואונ-
דער...

אָפּטרעטנדיק, ביי אײַך מיטן שטויב פון שטראָמיקע,
שטראָמיקע דרכים
רוט מען זיך אויס אונטער אײַער דרימלענדיק געצעלט
ווי ביי אברהמען — די מלאָכים...

## ה ת פּ ע ל ו ת

התפּעלות טראָגט אַ קלייד אַזוי אומענדלעך פּיין און
ווייס,
אַז רירסט עס אָן מיט די הענט פלעקט עס זיך און
צעררייסט.

און פאַרבּן האָט התפּעלות צאַרט ווי ווינשלבּליטן
בּאַרן קאַלטן אָטעם פון פרעמדקייט מוז מען זיי טריי
בּאַהיטן...

און טאָמער ווילסטו פאַרעקשנט דיין וואָרהייט צו
נאָנט איר ברענגען
בּרעכסטו זי אָפּ אכזריש ווי אַ ליליע שלאַנק פונם
שטענגל.

9. III. 25
קראָקע.

# דער הויקער

זי בוקט זיך אונטער איר הויקער
אַזוי שווער, אַזוי שווער
ווי אַטלאַס אונטערן גלאָב.

גרויס און טרויריק זיינען אירע אויגן,
דער שמייכל אַ פאַרשעמט, צאַנקנדיק ליכט
בלומענגלאָקנקלאַנג איר קול.

אירע נאַרישע, שלעכטע שוועסטערן
קומען פונעם טאַנץ
הייס גאַניץ, צעפלאַמט גאַניץ
און דערציילן, דערציילן...

פאַר איר נשמהס בלאַסער בלום
שפּאַנען אַ סך מענער פאַרביי
גלייכגילטיק מיט גראָבע, מיט פרעכע טריט
געטראָגן פון רויטן געשלעכט...

זי ליינט אַ גוזמא ביכער
און וויינט ביטער דורך די נעכט...

23. III. 1921

# די לאָמע

זי הינקט דורך דער וועלט, דורכן לעבן
איז איז דערפאַר בײַ זיך אומענדלעך שפּל...

יעדער, יעדער, יעדער,
קוקט אויף איר קאַליען פוס.

דער העכערער אָפּזאַץ
האָט צעטראָטן איר גליק...

דער אומגלייכער משקל פון איר גאַנג,
איר טראַגישע שולד
האָט זי פאַרשטויסן
לעבעדיקערהייט אין גיהנום...

באַגעגנט זי יונגע פּאָרן —
באַשענקט זי זיי מיט גליק.

זי זעט זיי זיך שטרעקן
הויך און גראָד
אין פאַרנעמט די יאָכצנדיקע, יונגע, שטאַרקע לידער
פון זייערע געזונטע, גלייכע
בלוטגעפּולטע גלידער...

# אָ ר ע מ ע ל י י ט

אָרעמעלייט, נע־ונד, טאָג אַיין, טאָג אויס...
פון טיר צו טיר, פון הויז צו הויז —
דאָ קריגן זיי אַ לעפל הייס געקעכץ
אַ פרוטה דאָרט, פון דאַנען — וואַרפט מען זיי אַרויס...

און דאָך איז זייער האַרץ מיט ברכות פול, קלערט
נישט שלעכטס
זיי אַמפּערן נישט מיט גאָט — נישט מיט דעם האַרבן
גורל — זיי וואַרטן ווי אויף אַ יום־טוב אויף דעם טאָג פון
שטאַרבן
אויף דעם אַלטן קבר און די קאַלטע שאַרבן.

## דער ליטעראַט N.

רונד, שוואַרצאויגיק מיט מאַטע שוואַרצאַפּלען,
ווי בײַם טרויריקן קאָמיקער טשאַרל טשאַפּלין.

נישט באַזונדערס טראַגיש, נישט פריילעך משונה —
אַלעס געדעמפּט ווי זײַן קול — סאָרדינאָ.

ער האָט ליב: זיך, לידער, רייזן, חלומען, רו, געפּרעסטע הויזן
פּרימיטיווע בילדער, אַ ווייך געלעגער, צאַרטע, פעטלע-
כע פרויען, תּאוהדיקע רויזן...

ער האָט ליב זײַן שוואַרצן ענגלישן וואָנס, זײַנע שלאַנ-
קע ווייסע פינגער, ווייסע בולקעס,
כבוד, ציון, אַרכאַישע שולן, פּאַל קלאָדעל און
געגרוזענע פולקעס...

28. II. 27
קראָקע.

## באַלאַדע

זי האָבן אין שול געוויינט, געבראָכן הענט,
פאַרצווייפלטע קעפּ געשלאָגן צו די ווענט...

נאָר איינער איז געשטאַנען אין ווינקל שטיל,
פאַרטראַכט, אויגן אַראָפּגעלאָזט צום דיל.

מלכותדיק, שטאָלץ זיין יונגע געשטאַלט
זיין פּנים האָט פון קראַפט און ניצחון געשטראַלט.

פּאַמעלעך, פעסט איז ער צוגעגאַנגען צור מזרח־וואַנט
איפן רבס קרומע פלייצע לייגט ער זאַכט זיין האַנט:

— זייט רויק, רבי. כ'גורט אָן צו מיינע לענדן די שווערד.
כ'וועל דעם שוואַרצן ריטער פּאַרטיליקן פון דרערד.

— מיין חלום איז וואָר — שרייט דער רב באַגליקט —
אימפּאַקאַנטער ביסט פון גאָט געשיקט!...

— נאָר דער חלום הייסט וואָרענען דיך פאַר חולאת
ביז צום קאַמף מיין העלד ריר נישט אָן קיין שפּייז.

און בענטשט אים. און ס'צינדט זיך אָן האָפענונג און טרייסט
אין טויזנט פאַר אויגן: — מיר וועלן דערלייזט!...

און האָפּערדיק שפּאַנט דער העלדישער יונג
אין פלאַמענדיקער זון... אים פאַרגלוסט זיך — אַ טרונק.

ווי כ'האָט זיך נאָר אים די תשוקה דערמאָנט —
שוין שטייט אַ בתולה ביים וועג טרויבן אין האַנט...

אירע אויגן גרין און טיף ווי דער ים.
פאַרחלומט געניסט ער דעם זיסן סם...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי ער שפּרייזט אַזוי ווייטער פּלוצים פּאַקט אים דער בויך —
דער שוואַרצער ריטער האָט אים לייכט פאַרטיליקט אויך...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיידאַן
12. X. 1927

פרייטאָג
כז סבת
תרפ"א
מיידאַן

# תחינה אויפן קעזפעסעלע

יהי רצון

און ס'זאָל זיין דיין הייליקער ווילן אַלמעכטיקער
האַר אין הימל אַז דיין ברכה זאָל זיך נישט אָפּטאָן
קיינמאָל פון דעם דאָזיקן קעזפעסעלע ווי אַמאָל
אין די אַלטע צייטן פון די כלים וועלכע
דער נביא אלישע האָט געבענטשט. מען
זאָל פון אים שעפּן אין פריידן און
תמיד זאָל עס זיין פול און זעטיקן
מיך מיט מיינע קינדער און
קינדסקינדער מיט מיינע געסט
און אורחים וועלכע דו װעסט
צושיקן זיי זאָלן פאַר־
ווײילן אונטער אונזערן
פריינדלעכן דאַך
אמן סלה.

## תחינה אויפן באָרשטפּעסעלע

יהי רצון, און ס'זאָל זיין דיין הייליקער ווילן און אָנגענעמע פרייד אַלמעכטיקער טאַטע אין הימל, אַז דאָס פּסחדיקע באָרשטפּעסעלע זאָל מתקן זיין בהוגן זיין שליחות און אַז די בערעקעס וועלכע איך האָב מיט כּוונה איינגעזויערט זאָלן געהעריק יערן און נישט איבערשיפּטשן און זויער ווערן אין זייער ציים, אַזוי ביי מיר, ווי ביים גאַנצן פאָלק ישראל, און ס'זאָל זיין די פאַרב פונעם באָרשט שיין און רויט און לויטער, ווי דאָס בלוט פון אַ כּשרן קרבן פּסח, וועלכן אונזערע אָבות האָבן צו דיר געשאָכטן אין יענע טעג... מיט פרייד און נחת און זמירות זאָל מיין הויזגעזינד דעמדראָזיקן באָרשט געניסן. און שיק אונז צו מלאכים — געסט צו אונזער טיש, אַז מיר זאָלן די מצוות מקיים זיין: כּל דכפין יתי ויפסח — נישט אויף אָרעמע לייט בעט איך, נייערט טאַקע אויף אמתדיקע מלאכים! מיין האַרץ בעט דיך תּחנונים, גאָטעניו, זאָלן שוין ענדלעך היי־יאָר אַלע אָרעמעלייט און אַלע נע־ונדניקעס אויפגעריכט ווערן מיט אַ שלמותדיקער אויפריכטונג און זיצן ביי זייערע אייגענע טישן אין שמחה, אין ליכטיקייט, און אליהו הנביא זאָל קומען אין אונזער הויז און אין אַלע יידישע הייזער היי־יאָר און אַלע יאָרן — אמן סלה.

## תחינה אויפן זאַלצשעפעלע

געבענטשט זאָלסטו זיין אונזער גאָט און פאָטער וואָס
האָסט אַריינגעגעבן אין אונזער בלוט אוןביין
אַ תשוקה נאָך דעם געשמאַקן זאַלץ, וואָס איז
ראָם בלוט און ביין פון ימען, דער וועג פונעם
ערשטן לעבן. זאָל די סודותפולע באַהעפטונג
אונזערע מיט דער אורוויג אָנגענומען
ווערן ביי דיר מיט חן און מיט ליבע
און ס׳זאָל שטאַרקן און געזונט
מאַכן אונזערע גופים און די
גופים פון אַלע בריאות
אמן סלה..

